# DER FAYERDIGER ZAYL :

Joseph Scheinberger

•



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER

AMHERST, MASSACHUSETTS

דער אוצר פון אידישקייט

# דער פיורזיגער זייל



דאס לעבן און שאפן
פון הגאון רבי יהושע לייב דיסקין זצ״ל

פון הרב יוסף שיינבערגער

בעזרת השם יתברך

# דער פייערדיגער זייל

## דאס לעבן און שאפן פון דעם גאון און קדוש
## רבן של כל בני הגולה

מרן
**משה יהושע יהודה לייב דיסקין**
בריסקער רב

פון
**הרב יוסף שיינברגער**

בעארבעט און רעדאקטירט
מיט פיהל צוגאב
פון
**מנחם מנדל**

אויסגאבע:
דער אוצר פון אידישקייט
דורך
דאַס אידישע ליכט בארה״ב וקנדה
תשל״ו

**זעליג ראובן** במוהר"צ **בענגיס**
רב ואב"ד למקהלות האשכנזים
מח"ס לפלגות ראובן
בעיה"ק **ירושלם** תובב"א

ב"ה ירושלם י"א ערב חג השבועות תש"י לפ"ק

אמירה נעימה כתיבה יהיבא מנאי למע"כ האי ספרא רבא הרה"ג הרב ר' יוסף שיינבערגער הי"ו אשר השכיל להוציא לאור עולם את פרשת ימי חייו של רב האי גאון קדוש ישראל ותפארתו וכו' כקש"ת מרנא ורבנא רבי משה יהושע יהודא ליב דיסקין זללה"ה, שהיה יחיד בדורו, ושימש בק"ק לאמזא קאוונא שקלאוו ובריסק דליטא, והתקופה האחרונה משך שבתו פעיה"ק ירושלים כעשרים שנה ועלה למרום בער"ח שבט שנת תרנ"ח לפ"ק, הלא נודע בטח לילידי עירנו בכל הפרטים.

אשר ע"כ אמינא כי האי ספרא מובהק מוחזק הוא שלא לשנות כל שהוא, וכל הנזכר בספרו נאמנו מאד בלי שום חשש ספק.

ובלי תפונה יתענג כל הקורא בו להתחזק באמונה ולהתרגל במצות ומעשים טובים ובמדות טובות, ובזמנים אלה אשר נתרבו כ"כ ספרים חיצונים באין מספר ומשחיתים את הקוראים בם באופן מבהיל, חוב קדוש הוא להרבות לעומתם ספרים כאלה הממשיכים את הלב ללכת בדרך טובים עפי"ד התוה"מ, וברוכים יהיו כל המסייעים לזה ובכל אשר יפנו יצליחו ככל א"נ ונפש המברכם.

הבא עה"ח יום ופה ושנת הנ"ל.

**זעליג ראובן בענגיס**

החופ"ק ירושלים עיה"ק ת"ו

**יצחק יעקב ווייס**
**ראב״ד**
**לכל מקהלות האשכנזים**
עיה״ק ירושלים תובב״א

ב״ה. י׳ אדר שני — מרבין בשמחה תשל״ו

הנה תסמר כל שער ראש וכל לב יכאב בהגיענו לעת כזאת אשר בעוה״ר הפרוץ מרובה על העומד, והחושך יכסה ארץ מהתדרדרות האיומה של בני הנעורים מתורה ומכל מדה נכונה שירדו לדיוטא התחתונה רח״ל ובסמיות עיניהם אינם מוצאים מזור ותרופה להעלותם מעמקי באר שחת.

החוב עלינו לחזור ולשנן לנו ולבנינו ולבנותינו כי אם כל חטאת שהקימו מספחת סופרים כופרים בה׳ ובתורתו הקדושה, המלעיגים בכל קודש ומלעיבים במלאכי ה׳ ומחרפים מערכות אלקים חיים והם אבות דנזיקין המורים את מוריהם להקים דור עקש ופתלתול.

וכבר האריכו גדולי הדורות למעניתם על חומר האיסור בקריאת ספרי חיצונים אשר התנא האלקי רבי עקיבא אומר אף הקורא בספרים חיצונים אין להם חלק לעולם הבא, והריב״ש בתשובה (סי׳ מ״ח) כתב ולא אמר רבי עקיבא המאמינים בספרים החיצונים אלא אפילו הקורא אותן, פן יטו את לבבו להאמין בדבריהם, כמו שקרה לאחר שהרבה ספרי מינין נושרין מחיקו. והגה״ק מהרצ״א מדינוב זי״ע כותב בספרו דרך פקודיך (מל״ת י״א) שמעתי מגדול אחד שיש קבלה בידו כשיש בבית איזה ספר מספרי המינין אסור לספר שם דברי תורה כי הוא עבודה זרה ממש וע״ז הוא כעין צואה, צא תאמר לו עכ״ל. ועי׳ בספרי מנחת יצחק (ח״ו סי׳ קי״א).

אך דא עקא, כי המחנכים החרדים לדבר ה׳ טוענים כי מורגש מחסור גדול בחומר קריאה שנערכו מסופרים יראי ה׳ ממקורות ומעינות טהורים.

לזאת נתתי שמחה אל לבי בראותי כי אחד מחשובי חברי עדתנו הקדושה ״עדה החרדית״ בעיר קדשנו, תלמיד חכם מובהק וירא א׳ מרבים אשר זכה לחבר חבורי טהרה בדבר ה׳ זו הלכה, מקדיש עתה

מזמנו היקר לערוך ולחבר סדרה שלימה של ספרי ספורים המחדירים אהבת תורה ויראת שמים וממקור קדוש יהלכון, אמרתי כי זכותו של המחבר הנכבד, הרה"ג הנעלה וכו' הרב מנחם מנדל שליט"א גדולה למאד עד לאחת בין מזכי את הרבים בעשותו עשיה לטובה פעולה ממשית למען טהר את הארץ בערכו חומר קריאה בטוב טעם ודעת בשפה המדוברת ובודאי אבות ובנים יעניקו לו ברכה וישא ברכה מאת ה'.

אקוה כי מעט מהאור ידחה הרבה מהחושך, והימים הללו נזכרים ונעשים, ובשמים ממעל יתעורר עלינו זכותם של מרדכי היהודי הכופר בע"ז ואסתר המלכה ע"ה כי מלכו של עולם ירומם קרן עמו בהופעת אורו של משיח ה'.

המצפה להרמת קרן התורה בטהרה
**יצחק יעקב ווייס**, ראב"ד פעהקת"ו

בס"ד

# פאָרוואָרט

אין די לעצטע צענדליג יאהר האט זיך ענטוויקלט דער רעליגיעזער, פרומער ערציהונגס־שטראם מיט ריזיגע טריט. עדות דערויף זענען די פיהל אנשטאלטן און ערציהונגס־הייזער, וועלכע האבן זיך אויפגעשטעלט אין פיהלע שטעדט, וואו די שפראך פון דעם לערן סיסטעם איז עכט אידיש, אזוי ווי אונזערע עלטערן און אור־עלטערן זענען ערצויגן געווארן. די דאזיגע ערציהונגס־הייזער זענען דער אמת'ער "תריס בפני הפורענויות", קעגן די פרייע ווינטן וואָס בלאָזן און זוכן צו אונטער־ברענגען אלעס וואס איז הייליג.

טראץ דעם אלעם שטעהען מיר שטארק אונטערשטעליג אין כשרע און עהרליכע לייען־מאטעריעל אויף אידיש, וועלכע איז נויטיג, בעזונדער פאר דעם יוגנד ווי לופט צו אטעהמען. דאס מערהייט ספרים אויף אידיש וואס געפינען זיך אויפן מארק זענען פערפאסט געווארן פון אונרעליגיעזע שרייבער און דאס ביסל וואס מיר פארמאגן יא, הינקעט זייער אונטער, סיי אין שפראך, סיי אין צוגעפאסטן אינהאלט, אויסער זייער א קליינע צאל ספרים, וועלכע קענען נישט נאכקומען די פאדערונג.

נאך א לאנגע צוגרייטונג מיט פיהל מיה און א סאך כוחות, מיט דער פאדערונג און הייסע אונטערשטיצונג פון פיהל ערציהער און אנפיהרער פון ערציהונגס אנשטאלטן, גיבן מיר ארויס עטליכע גרויסע סעריעס פון ספרים, אונטערן נאהמען "דער אוצר פון אידישקייט", וועלכע וועלן פערפיהלן דעם דאזיגן חלל און שאפן פארן פרומען איד, יונג או אלט, אינגל אדער מיידל, א רייהע ספרים פון וועלכע ער וועט שעפן אמונה און בטחון, אהבה און יראה צום אויבערשטן.

די ערשטע סעריע ענטהאלט, שפאנענדע ערצעהלונגען וועלכע פיהרן דורך פארן לייענער די גרויסע וואונדער פון דער השגחה פרטית און די שטארקייט פון אמונה, מיט וועלכן מען געהט דורך אלע שטרויכלונגען.

די צווייטע סעריע בעשרייבט דאס לעבן און שאפן פון די גדולי ישראל, אבות החסידות און גאוני הדורות, פון וועלכן מיר נעמען אראפ א מוסר השכל ווי אזוי זיך אויפצופיהרן אין אונזער טאג־טעגליכן לעבן.

די דריטע סעריע נעמט ארום די אלע ימים טובים אויף זייער פיהל־פארביגן רייכן אינהאלט, באלויכטן דורך ערצעהלונגען, שארפזיניגע ווערטער און אלע ענינים וואס האבן שייכות צום יום טוב.



אין דעם ראָש פון די בעשרייבונגען וועגן די גדולי ישראל, גיבן מיר יעצט ארויס דעם דאָזיגן ספר וועלכער נעמט ארום דאס לעבן און שאפן פון דעם גרויסן גאון און צדיק, רשכבה״ג מרן רבי יהושע לייב דיסקין זצ״ל, באקאנט אויף דער וועלט אלס דער בריסקער רב.

הייַנטיגס יאָהר ווערט הונדערט יאָהר פון זינט דער בריסקער רב איז ארויף געקומען קיין ארץ ישראל און זיך באַזעצט אין ירושלים (תרל״ז—תשל״ז).

די אלע יאהרן פון דעם בריסקער רב׳ס לעבן זענען געווען א לאנגע קייט פון קדושה און טהרה, פון התמדה און פערטיפונג אין דער הייליגער תורה, ער איז געווען דער יחיד הדור אין גאונות און לומדות, אין תורה און יראת שמים און צו דערצו איז ער געווען דער גרויסער קעמפפער וועלכער האט מיט מסירות נפש געקעמפפט קעגן יעדע זאך וואס האט געקענט באריהרן אפילו א קוצו של יו״ד פון א מנהג ישראל, ער האט זיך פאר קיין זאך נישט אפגעשטעלט און פאר קיינעם זיך נישט געשראָקן.

פון דעם טאָג אָן וואָס דער בריסקער רב איז אָנגעקומען אין ירושלים איז ער געשטאַנען אין שפיץ פון דאס רעליגיעזע אידנטהום און מיט זיין גייניטע אויג, געוואכט און געשיצט איבער איהר, און נישט צוגעלאזן עס זאל זיך ארייַנכאפן אפילו א ברעקל וואָס קען שעדיגן איהר גאנצקייט, זי זאָל זיך נישט אָוועקנויגן אפילו מיט קיין ריהר פון דעם דרך התורה הכתובה והמסורה לנו פון אונזערע עלטערן און אור עלטערן ביזן בארג סיני.

מיר האָבן זיך בענוצט מיטן חשובן ספר ״עמוד אש״ וועלכן עס האט פערפאסט ח׳ הרב יוסף שיינברגר שליט״א, וועלכער שטעהט שוין יאהרן לאנג ביים רודער פון די ״עדה החרדית״ מיט גרויס אפפער און מסירות נפש און פיהרט זי אדורך צווישן די ברויזענדע כוואליעס וואס זוכן איהר צו איינשלינגען און אומברענגען, און איז דערמיט ממשיך אויף די אויסגעטראטענע וועג פון דעם דאזיגן גאון און קדוש, — דער בריסקער רב זצ״ל. — יישר כוחו וחילו עד ביאת ינון.

יעדעסווארט פון דעם ספר ״עמוד אש״ איז געוואויגן און געמאסטן, ווי עס זאָגט עדות דערויף דער גאון מרן רבי זליג ראובן בענגיס זצ״ל, ראב״ד ירושלים, פונדעסטוועגן ערלויבן מיר זיך צוצוגעבן נאך עובדות און ענינים וועגן דעם בריסקער רב, ארויסגענומען פון פארשידענע פארלעסליכע קוועלן, און כאָטש מיר זענען ווייט צו באקומען א ריכטיגע

בילד פון בריסקער רב זצ"ל, דאך פארפליכטן אונז די אלע עובדות און ענינים פון זיין לעבן און שאפן, מיר זאלן זיך דערפון אראפנעמען א מוסר השכל, זיי זאלן אונז בעלייכטן דעם וועג אויף וועלכן מיר זאלן גיהן און ווי אזוי מיר זאלן זיך פיהרן.



מיר האפן צום אויבערשטן אז ער וועט אונז ערמעגליכן אויספיהרן אונזער ציהל און דערמיט מרבה זיין כבוד שמים בעולם, צו העלפן ערציהען דעם יוגנד על אדני התורה והיראה על דרך רבותינו הקדושים מקדמת דנא.

כ"ט טבת, ער"ח שבט תשל"ז
יומא דהילולא של מרן מבריסק זצ"ל זיע"א

**דער אוצר פון אידישקייט** **מנחם מנדל**

# אריינפיהר

**„מחוץ לפרוכת העדות יערוך" (ויקרא כ"ד) וכי לאורה הוא צריך, והלא כל ארבעים שנה שהלכו בני ישראל במדבר לא הלכו אלא לאורו? אלא עדות היא לבאי עולם שהשכינה שורה בישראל.**

**מאי עדות? — אמר רב זו נר המערבי וכו' וממנה הי' מדליק ובה הי' מסיים" (שבת כ"ב).**

**— די תורה האָט באפוילן אז אהרן זאל אנצינדן ליכט אין משכן. פרעגן די חז"ל, וועגן וואס פאַדערט דער אויבערשטער מען זאָל באַלייכטן, דאַרף ער דען אָנקומען צו דאָס ליכט? צו דען די גאַנצע פערציג יאָהר וואָס די אידן זענען געגאַנגען אין מדבר, זענען זיי דען נישט געגאַנגען צו די שיין פון זיין ליכט? — נאָר כדי עס זאָל זיין א עדות פאַר די וועלט אז די שכינה רוהט ביי אידן.**

**וואס איז דער עדות? — זאָגט רב, דאָס איז דער נר המערבי וועלכער האָט געברענט כסדר.**

דער הייליגער גאון און צדיק רבנו משה יהושע יהודה לייב דיסקין זיע"א, וועמענס הייליגע געשטאַלט מיר ווילן אַרויסברענגען אין דעם דאָזיגן ספר, כדי זיין פלאַם זאָל אַריינדרינגען אין יעדן אידישע שטוב און אין יעדע אידישע האַרץ, צו דען דאַרף ער אָנקומען צו די ליכט פון אונזער דור? דער דאָזיגער הימלישער פייער צו נויטיגט ער זיך אין פראָסט פשוטע פייער? צו דען איז דאָס רעליגיעזע אידנטהום, פיהלע פיהלע יאָהרן נישט געגאַנגען צום שיין פון דאָזיגן פייערדיגן זייל? און אויך איצט, נאָהנט צו אַכציג יאָהר נאָכדעם וואס ער איז פון אונז אַוועקגענומען געוואָרן, צו דען עקזיסטירן זיי נישט און ווערן געשפייזט פון זיין מויל? וואָס איז אויב אַזוי דער צוועק פון דעם דאָזיגן ספר וועלכער בעשרייבט דאָס לעבן און שאַפן פון דעם גרויסן גאון און צדיק, דעם בריסקער רב זצ"ל?

— "עדות לבאי עולם שהשכינה שורה בישראל" — עס איז א עדות פאַר די גאַנצע וועלט אַז די שכינה רוהט ביי אידן — דאָס איז דער צוועק און דאָס איז דער ציהל מיט אונזער דאָזיגן ספר.

דאָס דאָזיגע גרויסע ליכט וועלכע בעלייכט דאָס וועג פון דעם רעליגיעזן אידנטהום צענדליגער צענדליגער יאָהרן, ווען ער האָט נאָך געלעבט מיט אונז האָט זיין ווירקונג זיך פאַרשפרייט פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן, און אויך דאַן, נאָך זיין הסתלקות

ווי אויך יעצט, איז דאָס גאַנצע רעליגיעזע אידנטהום, וואו זי איז נאָר פאַרשפרייט, ציהט איהר חיות פון דעם דאָזיגן הייליגן קוואַל — עס איז אַ לעבעדיגער עדות אַז ביי אידן, אויך אין אונזערע דורות, רוהט די הייליגע שכינה.

דאָס מיינט: אַז נישט כדי צו בעלייכטן די דאָזיגע הייליגע געשטאַלט איז פערפאַסט געוואָרן דער ספר, אין וועלכן עס איז אַריינגעלעגט געוואָרן אַזוי פיהל כוחות מיט לייב און לעבן און עס האָט נאָך צו קיין פולקאָמענהייט נישט דערגרייכט, און נישט צו אויפשטעלן פאַרעהרער פאַר דעם ג-ט'ליכן מלאך וועלכער איז געווען פון די רעשט פון די דורות פון פאר איהם און ער איז אַריינגעפלאָכטן געוואָרן אין דעם פריהערדיגן דור, האָט זיך דער פערפאַסער גענומען צו די אַרבעט, נאָר כדי צו געבן אַ לעבעדיגן און קאָנקרעטער באַגריף פאַר אונז און פאַר אונזערע קינדער און קינדס קינדער, צו וויסן ווי גרויס עס איז דער כח הקדושה, דער כח התורה, ווי ווייט עס דערגרייכט אפילו אין אַ צייט פון ״הסתר פנים״, און אויך די וואָס האָבן נישט געזעהן די גרויסע שיין אין איהר לויטערקייט, וועלן זיך אָפלערנען פון דעם דאָזיגן ספר צו געהן אין זיינע וועגן און זיי נאָכפאָלגן.

מיט אונזער דאָזיגער ספר ווערט געעפנט אַ שמאָלער פענסטערל אין די טונקעלע הויז אין וועלכן מיר געפינען זיך און עקזיסטירן, דורך וועלכן עס וועלן אַריינדרינגען זיינע זוהן־שטראַלן און זיי וועלן בעלייכטן דעם אידישן האָריזאָנט און ניצן אַלס לייכט־טהורעם פאַר אונז און פאר אונזערע קינדער, צו היטן די וועג פון דעם לעבעדיגן בוים און צו לויבן פאַר דעם גרויסן באַשעפער וואָס ער האָט איבערגעגעבן זיין וועלט פאַר די וועכטער.

און א צווייטע זייט פאַרמאָגט די דאָזיגע פייערדיגע מטבע.

דער בריסקער רב, אויסער דעם וואָס ער איז געווען דער יחיד הדור אין גאונות, אין קדושה און טהרה, ווי א מלאך פון הימל, איז ער געווען אַ איינציגער אין זיין קאַמף קעגן די פרייע גייסטן אויף זייערע אַלע פאָרמען. עס איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען ביי אידן אין די לעצטע יאָהרן נאָך אַזאַ איינער ווי דער בריסקער רב זצ״ל וואָס איז אַרויס מיט אַזאַ שרעקליכן קאַמף און מורא'דיגע קנאות מיט גרויס אָפפער, אין די צוואַנציג יאָהר פון זיין וואוינען אין ירושלים האָט מען איהם געזעהן ווי ער קעמפפט ווי אַ לייב ביי יעדע ערשיינונג וואָס האָט אין זיך עטוואָס השכלה אדער נאַציאָנאַליזם, ער האָט געשיצט און באַשירמט מיט זיין לייב און לעבן אויף די שטאָדט ירושלים און איבער איהרע אַלע הייליגקייטן, און ביז די לעצטע מינוט האָט זיין שאַרפע אויג געוואַכט אויף דער הייליגער טענדענץ פון דער ערציהונג און איבער אַלע גייסטיגע אייגנשאַפטן פון דעם אידישן פאָלק, עס זאָלן זיך דערויף נישט באַהערשן קיין פרעמדע גייסטער.

און טראָץ זיין דערהויבנקייט און זיינע הויכע השגות וועלכע זענען געווען פיהל העכער פון דעם באַנעמונג פון זיין דור, האָט ער אָבער געוואוסט ווי אַזוי זיך

אַראָפּלאָזן צום פאלק און אויפפּאַסן אויף זיינע גייסטיגע אַנגעלעגנהייטן ווי אַ געטרייער פּאַסטוך, בעזאָרגן זייערע באַדערפנישן און זיי טראָגן אויף זיינע פּלייצעס.

*

דער גרויסער רבי, דער חת"ם סופר זיע"א (אין פר' כי תשא) צייכנט אָן ווי געהעריג די אויפגאַבע פון אַ פיהרער ביי אידן, ער שרייבט ווי פאָלגענד:

— "מיר געפינען אין מדרש אויף משה רבינו, אַז זיין אויבערשטע העלפט איז געווען ג-ט'ליך און די אונטערשטע, מענטשליך, דאָס מיינט — אַז ביידע צוזאַמען זענען געווען צוזאַמענגעבונדן ביי משה רבינו, זיין אויבערשטע העלפט איז געווען ג-ט'ליך, זיין נשמה איז געווען פאַרבונדן און באַהעפט צום באַשעפער אין די אויבערשטע שטאַפלען, אָבער אין איין און דער זעלבער צייט איז זיין אונטערשטע העלפט געווען מענטשליך, אויסגעקאָכט מיט אַלע מענטשן און בעהאַנדלט זייערע אַנגעלעגנהייטן, און פונדעסטוועגן האָט ער קיין איין מינוט זיך נישט אָפּגעריסן פון זיין דביקות אין השם יתברך. און דאָס מיינט דער פסוק: "ודבר ה' עם משה פנים אל פנים ושב אל המחנה" — דאָס אַלעס איז געווען אין דער זעלבער סעקונדע, אין איין מינוט, דאָס רעדן פון ג-ט מיט איהם און זיין צוריקקעהרן צו דער מחנה זענען געווען אין דער זעלבע שטופע, עס איז איהם גאַנץ לייכט געווען און ער האָט נישט געדאַרפט האָבן דערצו קיין בעזונדערן צוגרייטונג אַדער אונטערשייד. און ווירקליך איז אַזאַ מענטש דער פּאַסיגסטער צו זיין אַ פיהרער און אַ געטרייער פּאַסטוך פאַרן פאָלק, און דאָס איז די גרעסטע מדרגה צו קענען זיין שטענדיג באַהעפט אין ג-ט און אין דער זעלבער צייט צו פיהרן דעם פאָלק און מיט זיי האַנדלען אין עולם הזה'דיגע ענינים, נישט יעדער פיהרער איז זוכה דערצו, אַז בשעת ער האָט צו טהון מיט מענטשן זאָל ער זיך דאַן געפינען אין די העכסטע מדרגה פון דבקות אין ג-ט ב"ה.

— און דערמיט — פיהרט אויס דער חתם סופר — קען מען פאַרשטעהן דעם פסוק "וראה כל העם אשר אתה 'בקרבו' " — דערפון וואָס דו געפינסט זיך שטענדיג "צווישן זיי", וועלן זיי פאַרשטעהן די גרויסקייט און פאַרכטיגקייט פון באַשעפער.

ביי יעקב אבינו ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט פון לבן, האָט דער מלאך צו איהם געזאָגט "כי שרית עם **אלקים** ועם **אנשים** ותוכל" — ער האָט דערמיט געמיינט צו זאָגן, אַז יעקב איז געווען דבוק אין באַשעפער אויך דאַן ווען ער האָט געהאַט צו טהון מיט מענטשן, מיט וועלט זאַכן, אויך דאַן האָט ער זיך נישט אַראָפּגעלאָזט פון זיין הויכקייט און ער איז געבליבן דער בחיר האבות וועמענס בילד איז אויסגעקריצט אונטערן כסא הכבוד.

די בני חת האָבן געלויבט אברהם אבינו אז ער שטעהט אין די העכסטע מדרגה, זיי האָבן צו איהם געזאָגט: "נשיא אלקים אתה בתוכנו" — כאָטש דו ביסט אויסגע־קאָכט מיט מענטשן און האַנדלסט מיט זיי, ביסטו פאַרט דערהויבן און ביסט דאַן אויך א נשיא אלקים. דאָס מיינט: נשיא אלקים אתה "בתוכנו" — כאָטש דו ביסט צווישן אונז.

די דאָזיגע אנצייכנונג איז פונקטליך צוגעפּאַסט פאַר דעם רב זיע״א, וואָס טראָגט די ריזיגע ווייטקייט צווישן איהם און די מענטשן פון זיין דור, האָט ער זיך מצמצם געווען און זיך צוגעפּאַסט צו די מאָס פון זיין דור, געפיהלט זייערע ליידן און זיך געערגערט וועגן זייערע זאָרגן און שטענדיג געהאַט אין זינען זייערע אַלע אָנגעלעגנהייטן.

און זייענדיג דער קרוין פון ירושלים און דער אַלטער חנוך איז געוואָרן אַ ציהל פאַר פיינדליכע פיילן, האָט ער זיך אַרויסגעשטעלט אין שפּיץ פון קאַמפף. עס איז ממש נישט צו שילדערן מיט וואָס פאַר אַ ריזן קאַמף ער האָט אָנגעפיהרט, און כאָטש ירושלים פון דעמאָלט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט מסירות נפש פון איהרע איינוואוינער וועלכע זענען געשטאַנען אויף דער וואַך און געשיצט אויף איהר הייליגקייט, טאָר מען אָבער נישט פאַרגעסן אַז די גאַנצע העלדישקייט און קנאות האָבן די ירושלימער אידן געצויגן פון דעם דאָזיגן לויטערער קוואַל. דער בריסקער רב זצ״ל איז עס געווען דער וועלכער האָט צוגעשטעלט די ברען שטאָף מיטן פייער און נישט דערלאָזט פאַר די ירושלימער אידן זיי זאָלן זיך אָפּרוהען און אָפּשטעלן די מערכה אפילו אויף אַ קורצע צייט. ער האָט געהאלטן אַז מען דאַרף פיהרן דעם קאַמף נאָכאַנאַנד, אָן אויפהער, און די ירושלימער אידן האָבן זיך געפיהלט ווי אַ ווערק און אַ כלי אין די הענד פון זייער גרויסן רבין, און אויף זיי פלעגט מען זאָגן דעם ביישפּיל פון די חז״ל: ״ולא היו לבזיכין שוליים שמא יניחום ויקרש הדם״ (פסחים מד) — דאָס מיינט, אַז אויב מען וועט אַוועקשטעלן די בזיכין וועלכע זענען כלי שרת, אין וועלכן עס געפינט זיך דאָס בלוט, אויף אַ קליינע ווייַלע, וועט דאָס בלוט באַלד פאַרגליווערט ווערן, און ווי דער מדרש זאָגט (שוחר טוב מח) ״אין לך אפלה גדולה יותר מאותה שעה שהבריות ישנין״ — עס איז נישטאַ קיין גרעסערע טונקלקייט פון יענע צייט וואָס מענטשן דרימלען.

אין זיין צייט זענען געווען, סיי אין ארץ ישראל און סיי אין חוץ לארץ, זייער פיהל, צווישן זיי געהויבענע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געקענט באַגרייפן די פעסטע שיטה פון דעם בריסקער רב. מען האָט איהם געהאַלטן פאַר איבערגעטריבן אין זיין צוגאַנג צו יעדע נייע ערשיינונג און די מאָס געפאַהר וואָס ליגט דעריין באַהאַלטן. ער איז געווען אין זייערע אויגן אַ אויסערגעוויינליכער עקסטרעמער קנאי וועלכער גיט נישט נאָך אפילו אויף אַ האָר. זיי האָבן נישט געקענט פאַרשטעהן פאַרוואָס ער רודף׳ט אַזוי שטאַרק די אלע וואָס ווילן אויסבעסערן דעם חינוך, וועלכע האָבן זיך איינגעוויקלט און פאַרשטעלט מיט טליתים פון בלויז תכלת, פאַרוואָס ער ווייסט נישט צו באַגרעניצן דעם קרייז פון דעם קריג און געפינען א בשותפות׳דיגע שפּראַך מיט די געלאַסענע צווישן זיי, מען זאָל זיי אויך מיט באַטייליגן אין קאַמף און פאַרגרעסערן דעם מענטשן קראַפט פון די ערליכע, צו איבערוואַרפן אַ בריק אויף די ווייניגע אָנשויאונגען וואָס זענען אין קאָנטראַסט אויף צווישן זיי. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען אַז דער רב איז אָפּטמאָהל געבליבן אַיינזאַם אין קאַמף און איינער אַליין אָנגעפיהרט מיטן קאַמף קעגן די קרעפטן וואָס גראָבן אונטער די פונדאַמענטן פון דער רעליגיע, פיהל זענען געווען וועלכע האָבן זיך צוריקגעהאַלטן . און געשטאַנען פון דער זייט כדי זיך נישט צו

פּאַרפּלאָנטערן אין דעם ביטערן קאַמף וואָס דער בריסקער רב האָט אָנגעפיהרט און וועלכע האָט נישט געהאַט קיין ענד. נאָר ער אַליין, וועלכער איז געשטאַנען העכער פון די מענטשן פון זיין דור, האָט מיט זיינע קריסטאַלענע אויגן געזעהן פאָראויס דאָס קומענדע און באַמערקט דעם געפאַהר נאָך פון אָנהויב אָן. ער האָט אויך געוואוסט וואָס עס זענען די מיטלען וואס מען דאַרף אָנווענדן כדי אנטקעגן צו געהן דעם געפאהר, און ווי אַזוי צו מאַכן ווידערשטאַנד־פעהיג די קומענדע דורות פאַר די השכלה־באַצילן אויף זייער פּיהל פאַרביגקייט. ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט די קורצזיכטיגע און נישט פאַרלאָזן די מערכה ביז ער איז געפאָדערט געוואָרן צו דער ישיבה של מעלה.

און ווירקליך, אויך נאָכדעם וואָס ער האָט אומגעקערט זיין נשמה צום באַשעפער, איז דער קאַמף אין וועלכן ער האָט זיך אַריינגעלעגט מיט זיין שווער־וואָגיגער איינפלוס נאָך נישט געענדיגט געוואָרן און עס וועט זיך נישט ענדיגן אַזוי לאַנג ווי די העצע פון די פרייע וועט זיך נישט אָפּשטעלן און אזוי לאַנג ווי שלעכטע ווינטן בלאָזן אַרום אונז. די גייסטיגע יורשים פון רב האָבן פאַרגעזעצט און וועלן ממשיך זיין אין זיין וועג און ליניע אויפן זעלבן ריכטונג. דאָס תורה אידנטהום וועט קיינמאָל זיך נישט אָפּנויגן פון זיין לערע, רעכטס אָדער לינקס און זי איז געטריי און צוגעבונדן צו די אַלע הויפּט פּרינציפּן וואָס דער גרויסער רבי האָט פאַר איהר פעסט־געשטעלט ווען ער האָט נאָך געלעבט ביז דעם היינטיגן טאָג.

אויב ביים לעבן פון רב האָבן זיך נאָך געפונען אַזעלכע וועלכע האָבן געצווייפלט אין די ווירקליכקייט פון דעם געפאַהר וואָס דער רב האָט אַיינגעפונען אין די נייע שוהלעס און אין די נאַציאָנאַליסטישע שטרעבונגען וועלכע זענען נאָך געווען אין אָנהויב פון זייער וואוקס און אַנטוויקלונג, און עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען זיין שאַרפן צוגאַנג און זיינע שטרענגע מיטלען, זעהען זיי שוין יעצט קלאָהר ווי ווייט רעכט דער רב האָט געהאַט און וואָס פאַר אַ ווייטער קוק ער האָט פאַרמאָגט. יעצט קען מען שוין אָנטאַפּן מיט די הענד די גוטסקייט וואָס ליגט באַהאַלטן אין דער שיטה פון רב, זיך אָפּצוזונדערן און זיך באַפעסטיגן לפני ולפנים מיט גדרים און סייגים, און אַז ער איז עס דער וועלכער האָט אויסגעברוקירט די ריכטיגע וועג פון דעם תורה אידנטהום אין לאַנד און פעסט געשטעלט איהרע גרעניצן. געלויבט איז דער באַשעפער וואָס האָט אויסגעוויילט אין איהם און אין זיין לערע.



דער לעצטער שמועס פון דעם חתם סופר זיע"א איידער ער האָט אויסגעהויכט זיין ריינע נשמה איז דאָך שוין בעקאַנט. ער, דער חתם סופר, האָט גערופן צו זיך נעבן זיין קראַנקן בעט זיין פריינד דעם גאון רבי דניאל פּרוסניץ און צו איהם געזאָגט: יעצט איז מיר קלאָהר געוואָרן דער מאמר פון די גמרא אין ברכות: "ווען רבן יוחנן בן זכאי איז געלעגן אויף זיין קראַנקן־בעט האָט ער געוויינט. רופן זיך אָן צו איהם די תלמידים: רבי, פאַרוואָס וויינט איהר? ענטפערט רבי יוחנן: צוויי וועגן שטעהען פאר מיר, די וועג צום גן עדן און דער וועג צום גיהנם".

— איך האָב קיינמאָהל נישט פאַרשטאַנען — האָט דער חת"ם סופר ווייטער געזאָגט — ווי איז עס געקומען אויפן געדאַנק פון רבי יוחנן, אַז עס קען זיין דאָס מען זאָל איהם פיהרן אין דעם וועג פון גיהנם?

— יעצט איז מיר עס אָבער פאַרענטפערט געוואָרן, וואָס איז געווען דער ענין פון די טרערן און פון די צוויי וועגן. אויך איך האָב עס ביי מיין לעבן אַדורכגעמאַכט און איך פיהל אויך דעם שרעק וואָס האָט בעפאַלן רבי יוחנן. עס געפינען זיך צוויי וועגן ווי אַזוי זיך צו באַגעהן מיט מענטשן. איין וועג איז מיט ווייכע רייד און מיט אַ פריינדליכן באַנעהמען, די צווייטע וועג איז צו זיין שטרענג און שטראָפן מיט שאַרפע רייד. איך האָב אויסגעקליבן די צווייטע וועג. איך האָב באַשלאָסן זיך אָפטיילן און אָפזונדערן כדי צו היטן אויף דער ריינקייט פון אונזער מחנה. פיהל האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען, זיי האָבן געטענה'ט: מען קען דאָס זעלבע אויספיהרן מיט גוטנס — אַזוי שטעל איך מיר פאָר די טרערן פון רבי יוחנן.

אין דעם גרויסן טומל און בהלה וואָס האָט געהערשט פאַרן חורבן, האָט רבי יוחנן אויסגעקליבן דעם וועג צו פאַרלאָזן די שטאָדט ירושלים און זיך אָפזונדערן אין יבנה. דאָרטן האָט ער אויפגעשטעלט זיין הויף און עס געהיט ווי דער שוואַרץ־אַפּל פון זיין אויג. צו וואָלט נישט געווען פיהל בעסער ווען ער בלייבט אין שטאָדט און ווירקט דאָרטן צווישן די מאַסן? עס קען זיין אַז די דאָזיגע מחשבה האָט איהם געדריקט זיין גאַנצן לעבן און אין זיינע לעצטע מינוטן האָט ער דערויף געוויינט. צוויי וועגן זענען געשטאַנען פאַר איהם, האָט ער מורא געהאַט, אפשר איז דער וועג אויף וועלכן ער איז געגאַנגען, פיהרט גאָר צום גיהנם, און די אַנדערע וועג איז די ריכטיגע?

— אָבער היינט ווייסן מיר אַלע — האָט דער חתם סופר פאַרענדיגט זיין לעצטן שמועס — אַז די וועג וועלכע רבי יוחנן האָט אויסגעקליבן איז געווען די איינציגע און די ריכטיגע. ווי וואָלטן מיר היינט אויסגעזעהן ווען נישט יבנה.

— און וואָס זענען געווען די לעצטע ווערטער פון רבי יוחנן — איז דער חתם סופר ממשיך די ענדע פון זיין שמועס — "גרייט צו אַ שטוהל פאַר חזקיהו המלך!"

— דער דאָזיגער קייסער איז געקומען צו דערמוטיגן רבי יוחנן בן זכאי און איהם פאַרזיכערן אַז נאָר די וועג אויף וועלכע ער איז געגאַנגען איז אַ ריכטיגע. אויך ער האָט זיך אַזוי געפיהרט. די אָפגעטער פון זיין פאָטער האָט ער צובראָכן, זייערע מזבחות האָט ער צושטערט און אַ שווערד האָט ער אַריינגעשלאָגן אין בית המדרש, אויך ער האָט זיך שטרענג אויפגעפיהרט, און די רעזולטאַטן? — מען האָט קאָנטראָלירט פון דן ביז באר שבע און נישט געפונען אַפילו קיין קליין קינד וועלכער זאָל נישט זיין קלאָהר אין די דינים פון טומאה און טהרה".

*

אויך דער בריסקער רב זי"ע האָט אויסגעפונען אַז די איינציגע רעטונגס־וועג איז נאָר דורך אַ שטרענגן אָפזונדערן זיך, וועלכע רייסט פון זיך אַרויס יעדע פרעמדע

וואָרצל. די דאָזיגע וועג האָט ער פאַר אונז אויסברוקירט מיט גרויס ערפאָלג. און אויב אין זיין צייט האָבן אַנדערע געקענט פּאָלעמיזירן אויף זיין עקסטרעמקייט און אָפּגעזונדערטקייט, זעהען מיר אָבער היינט אַלע אין דערווירקליכקייט דאָס "יבנה מיט איהרע חכמים" וועלכע איז איבערגעבליבן אין ירושלים אַ דאַנק די ליכטיגע אויגן פון רב, וואָס ווער עס דערוווייטערט זיך פון איהם איז גלייך ווי ער שיידט זיך אפּ פון לעבן.

אויב נאָך די אַלע אויפטרייסלונגען, רדיפות און קאַמפן וועלכע זענען פאַרבייגעגאַנגען אויף דאָס רעליגיעזע אידנטהום פון זינט דאַן וואָס דער רב איז פון אונז אַוועקגענומען געוואָרן ביז היינט, עקזיסטירט נאָך א "יבנה", און נאָך אַ צייט־איבער־גאַנג פוהל מיט אַוואַנטורעס און אַנגריפן, פיהרן נאָך טויזנטער פאַמיליעס אַ ריינעם לעבן אָן קיין ברעקל השכלה, אומבאַפלעקט פון קיין געמיש פון ציונות. תורה אַנשטאַלטן, ישיבות און תלמודי תורה הייזער, אינסטיטוטן פון צדקה און חסד ווערן געפיהרט אויף דעם דרך ישראל סבא וואָס איז אָנגענומען פון דורי דורות — זענען עס נאָר די פּרוכט פון דער ווירקונג און קראַפט פון דעם בריסקער רב זי"ע, וועלכער האָט אַוועקגעגעבן זיין לייב און לעבן אַ צייט פון איבער צוואַנציג יאָהר פאַר דער הייליגקייט פון ירושלים און פאַר דער ערציהונג פון דעם פאָלק וואס וואוינט אין איהר. מיט איין וואָרט: אויב אין ירושלים עקזיסטירט נאָך אַ געזונדטע רעליגיעזע אידנטהום, אויב מיר זעהען אַז אויך היינט איז ירושלים געהייליגט מעהר פון אַלע שטעדט פון לאַנד און אויסער איהר און מען געפינט אין איהר קדושה און טהרה, תורה און יראת שמים, אַ שטרענגער אויפזיכט איבער די ערציהונגס־גרעניצן וועלכע עס איז אונז אָנגעצייכנט געוואָרן פון די פריהעריגע, און מסירות נפש צו אויפהאַלטן דאָס אידישקייט — איז עס נאָר אַ דאַנק דעם וואָס דער בריסקער רב זי"ע האָט זיך געפונען אין די מויערן פון די הייליגע שטאָדט ירושלים פון יאָהר תרל"ז ביז דעם יאָהר תרנ"ח — אין דעם ליגט בעהאַלטן דער סוד פון דאָס פעסטע האַלטונג פון די רעליגיעזע ירושלים און איהרע אַנשטאַלטן.

דער עצם פאַקט, וואָס דער רב זיע"א איז עס געווען דער דאָזיגער וואס האָט עס אויפגעטהון און מיט זיין האָרעוואַניע אויפגעשטעלט דאָס גאַנצע גוטס וואס איז בעהאַלטן אין דעם גייסטיגן אוצר פון דער ירושלימער תורה־אידנטהום און אַ דאַנק איהם עקזיסטירט, אין אַ ים פון מאַטעריאַליסטישקייט און פאַלשקייט, אַ עהרליכער צבור פוהל מיט לעבן, וועלכער שטרעבט און באַגעהרט צו אויפהאַלטן די תורה און צו אויפשטעלן נאָך זיך אַ דור דעה, וועלכער זאָל קענען ביישטעהן און אויסהאַלטן קעגן אַ דרויסנדיגע פיינטליכע וועלט, צו לעבן אַ אומאיבעררייסליכער אפּפער־לעבן, מיט אַ יראת שמים וואָס ווייסט נישט פון קיין פאַרקרימטקייט און נאַכגיביקייט — דאָס אַליין איז געווען איינע פון די הויפּט סיבות וואָס האָט צוגעברענגט דעם פּערפאַסער אויפצושטעלן דעם דאָזיגן ספר. עס האָט געלוינט די גאַנצע מיה און אַלע שוועריגקייטן וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיטן צוזאַמענשטעלן און שאַפן אַזאַ ספר פון אָנהויב ביזן סוף, כדי צו געבן פאַר אונז און פאַר אונזערע קינדער, אַ ריכטיגע בילד פון דעם בריסקער

רב׳ס גײַסטשטאַלט, וועלכער איז געווען דער גרינדער און אויפשטעלער פון דעם רעליגיעזן אידנטהום און איהר וועג־ווייזער.

מען קען נישט קומען יעצט מיט טענות צו די וועלכע האָבן געלעבט אין זיין דור און צוליב זייער קורצזיכטיגקייט זענען זיי געשטאַנען פונדערווייטנס און נישט אָנטהייל גענומען אין דעם קאַמף וואָס דער רב האָט געפיהרט, אין דער צייט וואָס ער האָט זיך אַרויסגעשטעלט כדי צו שיצן איבער די הייליגקייט פון זיין דור און די שפעטערע דורות. מען קען נישט באַשולדיגן די דאָזיגע וועלכע האָבן נישט געקענט דערגעהן ביז צום גרונד פון זיין טיפן פערשטאַנד וועלכע איז געווען פיהל העכער פון די מענטשן פון זיין דור, אָבער דאַגעגן קען מען נישט צומאַכן די אויגן און זיך מאַכן נישט וויסנדיג אַז ווען מען וואָלט באַצייטנס מאָביליזירט אַלע כחות פון דאָס רעליגיעזע אידנטהום, מען וואָלט אָנגעווענדעט ווי געהעריג די אַלע מעגליכקייטן וואָס זענען דאַן געווען אין איהרע הענד און אַלע וואָלטן זיך באַנוצט מיט די זעלבע מיטלען וועלכע ער האָט אָנגעווענדעט, מען וואָלט מיטגעגאַנגען מיט זיין שיטה איבער דעם גאַנצן לאַנגן וועג, — וואָלטן מיר נישט געדאַרפט זיין קיין עדות אויף דעם שרעקליכן גייסטיגן חורבן וואָס הערשט היינט אין די הייליגע לאַנד, די פאָזיציעס פון דאָס רעליגיעזע אידנטהום, איהר געוויכט און שטאַנד וואָלטן אינגאַנצן אַנדערש אויסגעזעהן, אויב עס וואָלטן דאַן נישט אויפגעשטאַנען אַזעלכע וועלכע האָבן זיך דערווייטערט פון זיין לעהרע און זענען געווען איינגעהאַלטן און צוריקגעצויגן, וואָלטן פאַרמיטן געוואָרן פון אונז און פון אונזערע קינדער פיהל אומגליקן, פאַרנאַכלאַסיגקייטן און אומבאַהאָלפנקייטן און די וועלט וואָלט נישט געווען אַזוי פאַרנעפלט און פאַרטונקלט פאַר אונז, די פרייע און ציאָניסטן וואָלטן נישט געהאַט אַזא ערפאָלג צו שאַפן אַזא פאַרניכטונג אין דעם כרם ה׳ און דאָס רעליגיעזע אידנטהום וואָלט נישט געווען אַזוי צוריסן און צושפאָלטן — נישט אַלע האָבן ריכטיג אָפגעשאַצט זיין בליק און די רעזולטאַטן פון דעם דאָזיגן בעגאַנגענעם פעלער פיהלט זיך שטאַרק ביז היינטיגן טאָג.

יעדער זאַך האָט זיין צייט — דאס לעבן און שאַפן פון דעם דאָזיגן גרויסן מאַן, וואָלטן געדאַרפט פאַרעפנטליכט ווערן אין דעם פריהערדיגן דור, אָט יענער גליקליכער דור וואָס האָט געלעבט אין זיין מחיצה און זיך אָנגעוואַרימט ביי זיין פייער. יענער דור דעה וואָס האָט מיט זיינע אויגן געזעהן וואס דער צדיק האָט אויפגעטהון, און פאַר זיי איז אנטפלעקט געוואָרן די זוהן און איהר שטארקער ליכט. ווען עס וואלט דאַן אויפגעשטאנען איינער פון די תלמידים פון רב, וואס איז באַשאנקען מיט האַרץ און פעדער, און ער וואלט אויפגעשטעלט די קאַפיטלען פון דאָס לעבן פון רב, איז קיין צווייפל נישט אז ער וואָלט געהאַט אויפגעטהון אַ גרויסע און וויכטיגע זאַך פאַר זיין דור און פאַר די קומענדע דורות, ער וואלט געקענט צושטעלן פאַר אונז א פארבנרייכן אינהאַלט און רייך מאַכן די וועלט פון דאָס תורה־אידנטהום מיט אַן אַ שיעור ידיעות און וויכטיגע זאַכן, פיהל מאָהל אַזוי פיהל וויפל מיר האָבן אויפגעזאַמלט אין אונזער ספר, נאָך פופציג יאָהר פון זינט דאַן וואָס דער ג־טליכער מאַן איז פון אונז אַוועקגע־

נומען געוואָרן, ביז דערוויייל זענען פון יענעם דור כמעט מעהר נישט איבערגעבליבן, און די ביסל וואס איז אָפגעראטעוועט געווארן פון פארגעסן ווערן דורך די אייניגע עלטערע אידן וואס זענען פאַרבליבן און די איינצעלנע ספרים, זענען א רעשט וואס איז אונז איבערגעבליבן, געציילטע טראָפנס פון דעם גרויסן ים וועמענס וואַסער האָט פאַרדעקט די גאַנצע וועלט.

דער ספר איז אייגנטליך געקומען אַביסל שפעטליך, עס איז נאָך אָבער גוט וואָס מיר האָבן איהם צום וויינִיגסטן יעצט זוכה געווען ארויסגעבן, און בעסער שפעטער איידער גאָרנישט, די ביסל מאַטעריאַל וואָס איז אונז פאַרבליבן, דאס רעשט פון פריהערדיגן דור, פאַרמאָגט אין זיך גרויס ברכה און פיהל נוצן. און טראָץ זיין קליינעם פאַרנעהם וועט ער נאָך זיין, אי״ה, אַ וויכטיגער ערציהונגס ספר פאַר גרויס און קליין.

און עס קען זיין אַז דער פאַרשפעטיקונג איז גאר געווען צו גוטן. עס איז זייער מעגליך אַז גראַדע די יעצטיגע צומישטע צייט, איז די פאַסיגסטע צייט צום ערשיינען פון דאָזיגן ספר, און דוקא יעצט איז די ריכטיגע צייט ארויסברענגען פאר אלעמען די שיטה און וועג פון רב זיע״א, וואָרום אין פריהערדיגן דור זענען דאָס מערהייט פון די אידישע קהלות געשטאַנען אונטער דער אויטאָריטעט פון דער תורה און דעם שולחן ערוך, און די מאַסן האָבן געפיהרט זייער לעבן לויט די אָנווייזונגען פון דער תורה און ערצויגן זייערע קינדער צו זיין עהרליכע אידן, און כאָטש עס האָבן זיך געפונען אויך פאַרברעכער, זענען זיי געווען איינצעלנע, אָפגעפאַלענע בלעטער און זיי האָבן נישט אריינגעברענגט אין געפאַהר דעם גאַנצן כלל ווייל זיי האָבן קיין מאַכט נישט געהאַט דערצו, און כאָטש אין די לעצטע דורות האָט זיך די השכלה און נאַציאָנאַליזם פאַר־שפרייט אין אַלע לענדער, איז זייער גאַנצער קראַפט בעשטאַנען נאָר מיטן מויל און זיי האָבן נאָך נישט געוואַגט אַריינצורייסן זיך אינווייניג אין אונזערע הייזער און שלעכטס טהון פאר אונזערע קינדער, פונקט ווי יענער אלטער צדוקי וועלכער האָט געזעהן ווי זיין זוהן פיהרט זיך אויף און טהוט אָפ קעגן די רייד פון די חז״ל, האָט ער זיך צו איהם אָנגערופן: איך שטעל מיר נישט פאָהר אַז דו וועסט נאָך לאַנג לעבן, ווייל מיר צדוקים, כאָטש מיר דרשנען קעגן די חז״ל, פיהרן מיר זיך אָבער נישט אַזוי, ווייל מיר שרעקן זיך פאַר די פרושים (תוספתא יומא פ״א).

גאַנץ אַנדערש איז היינט דער גייסטיגער צושטאַנד, ווען שווערע וואָלקענעס הענגען איבער דער האָריזאָנט פון דאָס רעליגיעזע אידנטהום אין הייליגן לאַנד, וועלכע קעמפט ביטער איבער איהר עקזיסטענץ, די אַטמאָספערע איז אָנגעזאָפט מיט דערשטיקענדע גיפטיגע לופט, פאלשע דעות און פסולע געדאַנקען, דאָס צושטערנדע איז פיהל מעהר ווי דאָס עקזיסטירנדע. דאָס פאַראייניגן זיך מיט פושעים און מורדים און געהן מיט זיי האַנד ביי האַנד איז געוואָרן אַ טאָג טעגליכע ערשיינונג, עלטערן טהוען גרינגשעצן אין דער ערציהונג פון זייערע קינדער. זיי שיקן זיי לערנען אין אַזעלכע שוהלעס וועלכע ליגן אין חרם, און דאָס ציונות פאַרצוקט צענדליגע טויזנטער אידישע קינדער און פיהרט זיי אַראָפּ פון אידישן וועג און נעמט זיי אַריבער צו דינען עבודה זרה, זיי

באַנוגענען זיך נישט מיט ווירקן דורך ריידן און שרייבן, נאר באַנוצן אַלע מעגליכקייטן מיט שטאַרקע קראַפט און מאַכט צו חרוב מאַכן דאָס רעליגיעזע אידנטהום און לאָקערן אויף אונזערע קינדער זיי צו פאַנגען אין זייער נעץ ח״ו. דאָס תורה אידנטהום שווימט אין רווישיגן און ברויזענדן ים און די עהרליכע אידן זענען געפלאָגט און געדריקט — אין אַזעלכע ביטערע און שווערע באַדינגונגען איז וויכטיג צו אויפדעקן פונדאַסניי דאָס געשטאַלט און בילד פון דעם בריסקער רב זי״ע, דוקא איצט איז די פאַסיגסטע צייט זיך פאַראייניקן און זיך צובינדן צו די לעהרע פון דעם רב וואָס איז פאַר אונז אַ לעבנס־געברויך און שעפן דערפון מוט און דרייסטקייט צו אָפפערן אונזער לעבן פאר ג־ט און זיין תורה.



עס איז אַלזאָ דאָ אַ געוויסע באַדייטונג מיטן יעצטיגן ערשיינען פון דעם ספר, וועלכער שווימט קעגן די אַלע שטראָמען. זאָל דער בריסקער רב זי״ע דינען אלס לייכט טורעם פאר די אלע וואָס געהען אין זיין וועג און וועלן דורכדעם קיינמאָל נישט געשטרויכלט ווערן. לאָמיר פונדאַסניי לאָזן הערן די דונערנדע שטימע פון רב קעגן די אַלע וואָס ווילן באַריהרן אין דער הייליגקייט פון דער ערציהונג, פאַר וועלכן ער האָט אַוועקגעגעבן זיין לייב און לעבן, זאָלן קומען די לעבנס קאַפּיטלען פון דעם רב וועלכע רודערן אויף די נשמה און רייניגן די לופט, זיי וועלן באַפעסטיגן דעם אויפ־זיכט איבער די גדרים און סייגים, אויספורמען דעם באַוואוסטזיין, צושפּרייטן די וואָלקענעס און אָנרעגן צו טהון גוטע טהאַטן. לאָמיר צולייגן אַ געהאָרכזאַמער אויער צו זיינע רייד, וועלכע זאָלן זיין אין אונזערע אויגן ווי שטענדיג־נייע (די תורה איז פאַר אונז געגעבן געוואָרן כדי מיר זאָלן האָרכן פאַר די חכמי התורה — מהרש״א פ״ק סנהדרין).



מיר ווילן דאָ אויך אָנמערקן אַז די מאַטעריאַל פון וועלכן אונזער ספר איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן איז נישט גענומען געוואָרן פון נישט קיין אריגינעלע קוועלן. דער שרייבער האָט אויפגעפאַסט אויף דער אויסבעסערונג פון דעם ספר. יעדע אייינצעלהייט איז גוט דורכגעזיפט געוואָרן און יעדע זאַך וואס איז נישט געווען גענוג קלאָהר און מען האָט נישט געקענט דערגעהן זיין קוועלע און וואָרהאַפטיגקייט, כאָטש עס איז אָנגע־נומען ביים פאָלק, איז עס אָבער דאָ אין ספר נישט אַריינגעקומען און פיהל מעשיות און פאַסירונגען וואס זענען פארשפרייט ביי די מאַסן זענען דאָ נישט געברענגט געוואָרן, נאָר דערפאַר וויל מיר האָבן נישט געקענט אויסגעפינען פון וואַנען עס שטאַמט.

יעדער אויפריכטיגער לייענער וועט פיהלן בשעת ער וועט אַריבער געהן צווישן די שורות וויפל פונקטליכקייט עס ליגט אין יעדן אויסדריק און זאַץ און ער וועט אַליין אורטיילן מיט וויפל פאַראַנטוואָרטליכקייט עס איז אויסגעפיהרט געוואָרן די דאָזיגע הייליגע מיסיע.

דער פּרעפאַסער פון דעם ספר וויל זיך נישט לאָזן אײַנרעדן אַז ער האָט מצליח געווען אַרומצונעמען דאָס לעבן און שאַפן פון רב ווי געהעריג, און אַז דורך דעם דאָזיגן ספר באַקומען מיר אַ פולקאָמע בילד פון רב — אין דעם ספר זענען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן די פּאַסירונגען ווי זיי זענען פאַרגעקומען און די רייד ווי זיי זענען געזאָגט געוואָרן און יעדער איינער קען עס באַגרייפן לויט זיין פאַרשטאַנד און לויט זיין געשמאַק, וואָרום ווער קען זיך דען איינרעדן און זאָגן אַז ער איז דערגאַנגען ביז צו די טיפקייט פון די באַגריפן פון דאָזיגן ג־טליכן מאַן. די דאָזיגע הויכע נשמה ווער קען דען דערגעהן איהר סוד.

עס וועט נישט זיין איבערטריבן צו באַצייכענען אַז ביים אויפשטעלן דעם ספר איז שטענדיג געשטאַנען פאַר די אויגן פון דעם פּערפאַסער די בילד און געשטאַלט פון דעם רב זי״ע ווי די חז״ל זאָגן: ״רבי גידל אומר כל האומר שמועה מפי אומרה יהי׳ רואה בעל השמועה כאילו עומד כנגדו ומאי טעמא אך בצלם יתהלך איש״ (ירושלמי שבת פ״א ה״ב). און אַ ציטער האָט איהם באַהערשט טאָמער ער וועט עפעס באַריהרן אין די גאנצקייט פון די ענינים, עס זאָל ח״ו נישט אַרויסקומען פון זיין האַנד קיין שטרויכלונג, אָפּלערנען נישט ווי געהעריג אָדער פאַרמינערן דאָס געשטאַלט פון רב וועלכער איז געווען אַ נייעס אויך אין די דורות פון פאַר אונז. פאַר די אויגן פון דער פּערפאַסער האָט געשוועבט דאָס וואָרט פון דעם גאון ר׳ יוסף בער סאָלאָוויייציג זצ״ל, בריסקער רב, אַז צוויי וואָכן האָבן זיינע הענד געציטערט און געטרייסלט בשעת ער האָט זיך געריכט צו שרייבן אַ בריוו צום רב, און עס איז זייער מעגליך אַז דער פּערפאַסער פון ספר וואָלט אָפּגעשטעלט אין מיטן זיין אַרבעט, ווען נישט וואָס גדולי תורה האָבן איהם געגעבן מוט צו אַרויפברענגען אויפן פּאַפּיר די שטורעמדיגע תקופה פון רב זי״ע און דעם קאַמף פון ירושלים אין יענע צייט.



די גמרא זאָגט אין מועד קטן: ״אמר לי׳ רב אשי לבר קיפוק, ההוא יומא מאי אמרת, אמר לי׳, אמינא אם בארזים נפלה שלהבת מה יעשו אזובי קיר וכו׳, חלש דעתי׳ עלייהו וכו׳״, און עס זענען באַוואוסט די רייד פון רמב״ם ז״ל אין אבות פ״ב אויף די משנה ״והוי מתחמם כנגד אורן של חכמים והוי זהיר בגחלתן שלא תכווה״ — אַז ווער עס דערוואַרעמט זיך ביים פייער, אויב ער שטעהט פונדערווייטנס, וועט ער הנאה האָבן פון די היץ און עס וועט איהם נוצן, טאָמער וועט ער אָבער זיך דערנענטערן צו פיהל, וועט ער דאַן זיך אָפּבריהען און אַנשטאָדט נוצן וועט עס איהם גאָר שאַדן, און דאָס מיינט די משנה צו זאָגן: והוי מתחמם ״כנגד״ אורן של חכמים, ער זאָל שטעהן פונדערווייטנס און זיך נישט צופיהל דערנעהנטערן.

אין דער גמרא בבא מציעא ווערט געברענגט, אַז ריש לקיש פלעגט אָנצייכענען די מערות וואו עס ליגן באַהאַלטן די צדיקים, כדי די כהנים זאָלן נישט נכשל ווערן אריבערגעהן איבער זיי און זיי וועלן טמא ווערן. ווען ער איז געקומען אָנצייכענען די

מערה וואו עס איז געלעגן באַהאַלטן רבי חייא, איז עס פארשוואונדן געוואָרן פון זיינע אויגן. האָט ער דערפון באַקומען גרויס חלישות הדעת און ער האָט געזאָגט: רבונו של עולם, האָב איך דען זיך נישט מפלפל געווען אין לערנען ווי ער? איז אַרויס אַ בת קול און אויסגערופן: מפלפל געווען אין לערנען ווי ער האָסטו יאָ, אָבער געלערנט מיט אַנדערע תורה וויפל ער האָסטו נישט!

די ווערטער זענען פחדים׳דיג! וואָס האָט דען ריש לקיש דאָ געוואָלט? האָט ער דען געבעטן אַ חלק אין גן עדן ווי רבי חייא׳ן, אדער צו דען האָט ער געוואָלט זיין מיט איהם אין איין מחיצה אדער עפעס עהנליכעס? ער האָט דאָך נישט מעהר ווי געוואָלט טהון אַ חסד מיט די חכמים און דערווייטערן פון זיי אַ שטרויכלונג נאָך זייער הסתלקות, אַז די כהנים זאָלן דורך זיי נישט געשטרויכלט ווערן ווען זיי געהען אַדורך איבער דער מערה, צום סוף פאַרבאָרגט מען פון איהם די מערה פון רבי חייא, ער זאָל עס נישט קענען אָנצייכענען, און פאַרוואָס? — ווייל ער האָט נישט געלערנט קיין תורה מיט תלמידים ווי ער, און דעריבער, ווייל דערפאַר איז דאָ אַ גרויסער אונטערשייד צווישן רבי חייא׳ן מיט איהם, האָט מען נישט צוגעלאָזן אַז ריש לקיש זאָל דערווייטערן אַ תקלה דורכן אָנצייכענען זיין מערה — די ווערטער זענען דאָך מורא׳דיג און דרינגען אריין ביז אין די טיפענישן פון דער נשמה.



דער דאָזיגער ספר איז דעריבער אויפגעשטעלט געוואָרן מיט גרויס פאַראַנטוואָרט־ליכקייט און מיט אַ בעוואוסטזיין פון פאַראויס וואָס איז דער בעדייטונג פון אויפשטעלן אַ ספר פון דאָס לעבן פון הייליגן רב זיע״א.

און אויב נאָך אַלעס האָט זיך דאָך אַרויסגעכאַפּט פון דער פענע אַ שרייב־פעלער, אַ נישט קיין געהעריגער אויסדרוק אָדער פונקטליכקייט א.ד.ג. וועלכער איז נישט קיין כבוד פאַרן רב זי״ע, אָדער אפשר זענען דאָ פאַרעפנטליכט געוואָרן אַזעלכע רייד אָדער ערצעהלונגען וואָס דער ווילן פון רב איז דאָס זיי זאָלן בלייבן אומבאַקאַנט א.ד.ג. זאָלן די דאָזיגע ווערטער זיין ווי א עפנטליכער מחילה־געבעט פון דעם הייליגן רב זיע״א.

די הייליגע חז״ל זאָגן: ״התודה מפגל את הלחם, הלחם אינו מפגל את התודה, לפי שהלחם בא רק בשביל התודה והתודה עיקר והלחם טפל לה ואין הטפלה מפגל העיקר״ (מנחות ט״ו) — די ברויט וואָס קומט צוזאַמען מיטן קרבן תודה מאַכט נישט קיין פגול דעם קרבן, ווייל עס איז מעהר נישט ווי אַ טפל פאַרן קרבן. — די רייד פון רב זענען דאָ דער עיקר און זיי זענען געוויס אמת און קלאָהר, און אויב עס האָט אפשר געטראָפן אַז דער פערפאַסער האָט נישט גוט ארויסגעגעבן אַ פּאַסירונג אָדער איבערגעגעבן אַ וואָרט נישט ווי געהעריג, מאַכט עס נישט קיין פיגול דעם עיקר ספר און אין די רייד פון דעם רב וועלכע זענען געזאָגט געוואָרן בקדושה וטהרה אָדער זיי זענען איבערגעגעבן געוואָרן דורך זיינע תלמידים.

דאָ איז דאָס ארט צו פאַרצייכענען אַז אַ גרויסער טייל פון דעם מאַטעריאַל, פון וועלכן דער דאַזיגער ספר ״דער פייערדיגער זייל״ איז אויפגעשטעלט געוואָרן, האָט דער פערפאַסער באַקומען פון הרה״ג רבי יצחק אורנשטיין הי״ד (ער איז ערמאָרדעט געוואָרן אין די אַלטע שטאָדט פון ירושלים אין י״ד אייר תש״ח) וועלכע זענען געווען ביי איהם בירושה פון זיין זיידן דער גאון און צדיק רבי יעקב אורנשטיין זצ״ל, דער געטרייער תלמיד און הויז פריינד פון דעם רב זי״ע, און עס איז געווען דעריין אַ השגחה פרטית, ווייל רבי יצחק הי״ד, וויסנדיג דעם גרויסן ווערד פון די שריפטן, האָט עס נישט געלאָזט אַרויסנעהמען פון זיין הויז וואָס אין דער אלטע שטאָדט פון ירושלים, און געהיט איבער זיי ווי אויף דעם שווארץ־אפל פון זיין אויג. ער האָט אָבער צוגעשטימט צו די ביטע פון דעם פערפאַסער, ער זאָל איהם דערלויבן איבערשרייבן כדי עס פארעפנטליכן אין דעם דאַזיגן ספר און אין משך פון אַ לאַנגע צייט זענען אַלע שריפטן איבערגעשריבן געוואָרן און ערשט נאָכדעם, ווען עס איז געענדיגט געוואָרן דאָס איבערשרייבן, האָט אויסגעבראָכן די קריג, און דאָס גאַנצע הויז פון רבי יצחק׳ן איז פארברענט געווארן און צוזאַמען מיט איהר אויך אַלע שריפטן וועלכע האָבן זיך דאַרטן געפונען.

מיר בעטן פון השי״ת אַז דער זכות פון דעם הייליגן רב זיע״א זאָל שיצן אויף אונז מיר זאָלן זוכה זיין צו ערציהען אונזערע קינדער צו תורה און יראת שמים און זיי פיהרן אויפן דרך ישראל סבא.

און פונקט ווי מיר געפינען אַז דער וואָס ריהרט אָן אין אַ אב הטומאה ווען ער איז נאָך באַהעפט מיט אַ טויטן ווערט ער אַליין אויך אַ אב הטומאה, אַזוי פארקערט אויך, געפינט זיך אויך ״קדושה בחיבורין״, און אַז מיר וועלן זוכה זיין זיך צו באַהעפטן מיט די גרויסע און הייליגע צדיקים וועלן מיר אויך באַקומען דעם זעלבן דין פון זיי און מיר וועלן ארויפציהען אויף אונז אַ לעבן פון תורה און יראת שמים.

*

מיר וועלן פאַרענדיגן מיט די תפלה פון דעם הייליגן ג־טליכן צדיק דער רבי ר׳ אלימלך זיע״א:

״ותעורר לבבנו ולבב כל ישראל עמך ליחדך באמת ובאהבה לעבדך עבודה הישרה המקובלת לפני כסא כבודך, ותקבע אמונתך בלבנו תמיד בלי הפסק ותהא אמונתך קשורה בלבנו כיתד שלא תמוט — ותבער תמיד רוח קדשך בקרבנו״.

י. ש.

ערשטער קאַפּיטל

# דער זיידע

## (רבי לייב חסיד)

אויף דעם אַלטן בית הקברות וואָס ביים ראַנד פון די שטאָדט צפת, ליגט אַ אַלטע שטיינערנע מצבה, אויף וועלכע די ווערטער זענען אָפּגעמעקט געוואָרן צוליב איהר אַלטקייט. די דאָזיגע מצבה פאַרדעקט איבער דעם קבר פון אַ הייליגן באַהאַלטענעם צדיק וועמענס נאָמען איז: ר ב י ל י י ב ח ס י ד.

דער דאָזיגער באַהאַלטענער חסיד, אַ אייניקל פון רש״י אַ דור נאָך אַ דור, אַ תלמיד פון ווילנער גאון זצ״ל, האָט געלעבט אין דער שטאָדט סלאָנים מיט אַרום צוויי הונדערט יאָהר צוריק. רבי לייב איז געווען אַריינגעטהון אין לערנען, אָפּגעשיידט און אָפּגעזונדערט פון מענטשן, זיך געלעבט אַ רוהיגן און אייגנאַרטיגן לעבן, צוריקגעצויגן פון די וועלטליכע באַדערפעינישן און געזעהן זיין וועלט אין זיינע אָפּגעזונדערטע און פאַרשלאָסענע פיהר איילן. די שטאָדט-מענטשן האָבן איהם באַטיטולט מיטן נאָהמען ״חסיד״. דער דאָזיגער טיטול איז ביי איהם געוואָרן ווי אַ צווייטער נאָהמען וועלכער האט איהם באַגלייט זיין גאַנצן לעבן און עדות געזאָגט אויף איהם ווער און וואָס ער איז.

ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג, האָט ער געהאָט גאַר אַ לייכטע געלעגנהייט אַ שידוך צו טהון מיט אַ מיידל פון אַ רייכע פאַמיליע, און דורך דעם זיך שנעל אַרויף דראַפּען אויף די שטאַפּלען פון רייכקייט און זיך ערווערבן אַ בכבודיגן אָרט אין לעבן. זיין ריינע האַרץ האָט אָבער נישט געצויגן און נישט פאַרכישופט געוואָרן נאָכן גלאַנץ פון דעם גאָלד, כבוד און די אַלע זיסקייטן פון דער מאַטעריעלער וועלט. פיהלע אַזוינע שידוכים פון רייכע און מכובד׳יגע פאַמיליעס האָט מען פאָרגעלעגט פאַר דעם דאָזיגן בחור׳ל און ער האָט זיי אַלע אָפּגעשטופּט, נישט אָנגעבנדיג קיין שום סיבה אָדער וועלכן אויסרייד. וויפל מען האָט זיך באַמיהט צו ווירקן אויף איהם און איהם איבעררעדן איז עס אָבער געווען אָן ערפאָלג.

אין מיטן אַ העלן טאָג און אין דער שטאָדט סלאָנים האָט געטראָפן ווי אַ דונער די נייעס, אַז דער בחור לייב, וועמען אַלע האָבן אַזוי געגאַרט איהם צו באַקומען אַלס חתן, האָט גאַר אַ שידוך געטהון מיט אַ אָרימע מיידל, אַ טאָכטער פון איינעם פון די אָרימע שניידערס פון שטאָדט.

רבי לייב האָט מאָטיווירט זיין דאָזיגן טראָט גאַנץ פשוט: די גאַנצע צייט וואָס די שדכנים האָבן אָפּגעקלאַפּט ביי איהם די שוועלן און געוואָלט איהם איבעררייִדן ער זאָל אַ שידוך טהון, האָט ער נאָך דערביי נישט געהאַלטן, ממילא איז נישט שייך געווען צו רעדן וועגן איינצעלהייטן. אין יענעם טאָג ווען ער האָט ענדליך צוגעשטימט אַ חתן צו ווערן, האָט ער אויך באַשלאָסן, אַז ער זאָל אָננעהמען דעם ערשטן שידוך וואָס מען וועט איהם פאָרלעגן, און ווי נאָר עס איז געקומען דער דאָזיגער שניידער און איהם פאָרגעלעגט זיין טאָכטער, האָט ער באַלד צוגעשטימט צום שידוך.

דער שידוך מיט דער טאָכטער פון דער אָרימער פאַמיליע, האָט פאַקטיש ערגענצט די באַשיידענע געשטאַלט פון דעם חסיד, און דורך דעם האָט ער באַקומען די פוהלע געלעגנהייט צו ציהען ווייטער די קייט פון זיין לעבן אויף װעלכן ער איז ערצויגן געוואָרן. ער איז געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט, געדינט דעם אויבערשטן אויף זיין שטייגער, ווייט פון אַלע עולם הזה׳דיגע גליקן און אָפּגעשיידט פון מענטשליכע פערגעניגנס. זיין פרוי, די צדקנית, האָט געפיהרט דאָס הויז ווירטשאַפט און געשטאַנען צו זיין הילף ביי זיין גאַנצן לעבן. זי האָט ערצויגן און אויפגעהאָדעוועט זייערע צוויי קינדערלאַך, אַ אינגל מיט אַ מיידל, בנימין און רבקה, מיט אַ גוטן געשמאַק און אמת׳ע עהרליכקייט.

*

אַ זעלטענע פאַסירונג האָט געטראָפן מיט דעם חסיד אין די צייט וואָס ער איז געזעסן אין סלאָנים. די מעשה איז אַזוי געווען:

דעם גאון רבי יום טוב ליפמאַן זצ״ל, דער רב פון קאָפּולי, פערפאַסער פון די ספרים "קדושת יום טוב" און אַנדערע, איז ערשיינען אין איינע פון די טעג אין די שטאָדט סלאָנים. די לומדים און בני תורה פון שטאָדט זענען אַרויסגעגאַנגען מאַסן ווייז צו מקבל פנים זיין דעם גרויסן גאון.

ווען דער עולם איז געזעסן און פאַרברענגט צוזאַמען מיטן גרויסן גאַסט, דעם גאון, האָט מען געוואָלט שמועסן אין לערנען און געבעטן דעם גאון ער זאָל איבערזאָגן פון זיינע חידושי תורה. אָבער צו אַלעמענס ערשטוינונג האָט זיי דער גאון אָפּגעשיקט צו זייערן אַ לאַנדסמאַן, צו רבי לייב׳ן.

— געהט אַריין צו איהם — איז געווען דעם גאונ׳ס עצה — און שמועסט מיט איהם אין לערנען!

די סלאָנימער לומדים האָבן אָנגענומען די רייד פון קאָפּוליער גאון ווי ער וויל זיך פון זיי אַרויסדרעהען און ער שטופּט זיי אָפּ גלאַט אַזוי. זיי האָבן פונדעסטוועגן פּרובירט צו פאָלגן די רייד פון רב און אַריין געגאַנגען צו רבי לייב׳ן מיט אַ טענה: דער קאָפּוליער רב האָט זיי צו איהם געשיקט!

צוליב דעם כבוד פון דעם קאָפּוליער רב וועלכער איז געווען טייער אין די אויגן פון רבי לייב, איז ער דאָס מאָהל געווען גענויט אַרויס צו געהן פון זיינע

פאַרשלאָסענע פיהר איילן וועלכע זיינען געווען פאַרהוילן פאַר אַלעמען, און אַ לענגערע צייט איז ער געזעסן און פאַרברענגט מיט די סלאָנימער לומדים אין אַ גרויסן און טיפן פלפול׳דיגער שמועס, ברענגענדיג אלעמען צו גרויס שטוינונג. נישט ווילנדיג האָט זיך דאַן אַרויס געוויזן זיין גרויסער כח אין דער תורה.

נאָכדעם וואָס רבי לייב האָט ערפיהלט דעם רצון פון דעם קאָפּוליער רב, האָט ער זיך ווידער צוריק געצויגן און זיך אָפּגעצוימט אין זיין איינזאַמקייט ווי עס וואָלט געווען פאַרשפאַרט מיט פיהר ווענט, און זיין שטימע איז מעהר נישט געהערט געוואָרן.

אין אַ צייט אַרום, ווען די זעלבע לומדים, וואָס האָבן זיך דורך אַ צופאַל דערוואוסט וועגן זיין גרויסע גאונות, האָבן געוואָלט ווידער שמועסן מיט איהם אין לערנען, איז געווען זיין ענטפער: איך קען נישט... און ווען זיי האָבן איהם דערמאָנט פון יענעם פאַל, פלעגט זיך רבי לייב אַרויסדרעהען און זאָגן: דאַן איז עס געשעהן אין דעם זכות פון דעם קאָפּוליער גאון...

דער דאָזיגער פאַסירונג, פונקט ווי אַנדערע זעלטענע פאַסירונגען, איז מיט דער צייט פאַרגעסן געוואָרן און ביי אַלעמען אַרויס פון געדאַנק, און רבי לייב׳ן איז מעהר נישט פאַרבליבן ווי דער באַשיידענער טיטול: חסיד.

*

אין יאָהר תקס״ט האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפרייטן אַ גרויסע באַוועגונג צווישן דער פרושים געמיינדע פון די תלמידי הגר״א זצ״ל, אַרויף צו געהן אין די הייליגע לאַנד, אויך רבי לייב׳ס האַרץ האָט גענומען פלאַטערן און זיין באַגעהר איז געוואָרן גרעסער פון טאָג צו טאָג, אַרויף צוגעהן קיין ארץ ישראל און אויסלעבן זיינע לעצט ביסל יאָהרן וואָס דער אויבערשטער האָט איהם נאָך געשענקט, אין די לופט פון די הייליגע לאַנד, ״וואו די לופט פון איהרע ערד איז גייסטיג רייך״. רבי לייב האָט דאַן גענומען און אַ שידוך געטהון מיט זיין זוהן רבי בנימין, דערנאָך האָט ער גענומען זיין פרוי מיט זיין טאָכטער, די מיידל רבקה, (די מוטער פון דעם גאון רבי אליעזר דן רלב״ג זצ״ל), און צוזאַמען מיט׳ן גאון רבי דוד שלמה אייבעשיץ זצ״ל, סאַראָקער רב, (פערפאַסער פון די ספרים: ערבי נחל, לבושי שרד, נאות דשא) האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט איבער אַ ווינט שיפל אויפ׳ן וועג קיין ארץ ישראל.

עס ווערט דערצעהלט, אז אין דער שיפל אויף וועלכן זיי זענען געפאָהרן, האָט זיך נישט געפונען מעהר ווי איין איינציגע גמרא, וועלכע רבי לייב האָט מיט זיך מיטגענומען. ביידע גאונים האָבן אָבער געהאַט גרויס חשק צו לערנען אין דעם, וואָס טהוט מען? האָבן זיי צונומען די נעט פון דעם באַנד און צוטיילט די גמרא אויף צוויי טיילן, און זיך כסדר געביטן, איינער מיט׳ן צווייטן, מיט די טיילן, לערנענדיג אין דעם די גאַנצע צייט פון זייער רייזע.

רבי לייב האָט זיך באַזעצט אין צפת, די שטאָדט וואו עס האָבן געלעבט און געאַטעהמט די גרויסע מקובלים, און פונקט ווי ער האָט זיך געפיהרט זייענדיג אין חוץ לארץ, אַזוי האט ער זיך אויך אויפגעפיהרט ווען ער איז געקומען קיין ארץ ישראל. פאַרשלאָסן איז געווען דער צדיק אין זיין ווינקעלע, און געדינט דעם באַשעפער מיט קדושה און טהרה, אָן קיין טומל און רעקלאַמע.

ער וואוינט אין צפת, אָבער די צפת׳ער איינוואוינער כמעט ווי זיי קענען איהם נישט. פאַרהוילן איז ער פון אַלעמענס אויגן, און נאָר איינמאָהל אין וואָך טרעפט מען איהם אַרויסגעהענדיג אויפ׳ן פעלד, מקבל שבת זיין. צייטנווייז טרעפט מען איהם אויך ווי ער איז זיך משתטח אויפ׳ן היילגן ציון פון דעם אריז״ל, און גיסט דאָרטן אויס זיין האַרץ.

רבי לייב האָט נישט מאַריך ימים געווען נאָך זיין אַרויפקומען קיין ארץ ישראל. נאָך זיין הסתלקות, איז ער באַהאַלטן געוואָרן אויף דעם היילגן באַרג וואָס געפינט זיך ביים ראַנד פון דער היילגער שטאָדט צפת.

צווייטער קאפיטל

# דער פאטער

## (רבי בנימין דיסקין)

דאָס איז געשעהן אין יאָהר תקנ״ח. רבי לייב איז דאַן געזעסן און געטרויערט אויף דער הסתלקות פון זיין גרויסן רבי׳ן, דער ווילנער גאון זצ״ל, ער האָט געפיהלט ווי די וועלט איז פאר איהם פינסטער געוואָרן נאָכ׳ן אויסלעשן זיך פון דער גרויסער ליכט וואָס האָט פאַרשיינט און באַלויכטן די וועלט, און מיט אַ מאָהל קומט מען איהם אָנזאָגן די בשורה, אַז זיין פרוי האָט איהם געבוירן א זוהן.

דאָס איז געווען זיין איינציגער זוהן, רבי בנימין.

קורץ איז געווען דער לעבן פון רבי בנימין — אינגאַנצן זעקס און פערציג יאָהר — אָבער רייך און פיהלפאַרביג, העל און ליכטיג, ווי די זוהן אין מיטן טאָג.

די גליקליכע טעג פון דעם קינד, די טעג אין וועלכע ער האָט זיך געפונען אונטער איין מחיצה מיט זיין פאָטער, דער חסיד, האָט לאַנג נישט געדויערט. נאָך איידער ער איז געוואָרן בר־מצוה, האָט איהם שוין דער פאָטער פאַרשדכנט, איהם איבערגעלאָזן אליין און אַרויף קיין ארץ ישראל. עס איז אָבער גענוג געווען די לערע און אויפזיכט פון זיין פאָטער אין די דאָזיגע קורצע צייט, צוצוגרייטן דעם בחור, וועלכער איז געבענטשט געוואָרן פון דער השגחה מיט זעלטענע כשרונות, צו די גרויסע אויפגאָבן וועלכע זענען געווען געריכט פאַר איהם.

רבי בנימין פלעגט דערצעהלן, דאָס בשעת ער איז נאָך געווען גאָר יונג, ממש אַ קינד, האָט אַמאָהל געטראָפן און די מאָס התמדה זיינע אין לערנען האָט נישט גענוג באַפרידיגט דעם רצון פון זיין פאָטער. וואָס האָט דער פאָטער, דער גרויסער חסיד געטהון? ער האָט איהם גענומען אויף זיינע אָקסלען און אַוועק־געפיהרט צו אַ שוסטער, ער זאָל איהם אויסלערנען די פאַך פון שוסטעריי.

דער אינגל איז געווען גענוג קלוג און פאַרשטענדיג צו פאַרשטעהן די באַדייטונג פון דעם דאָזיגן שטראָף. דעם טאָטנ׳ס טהאָט האָט איבערגעלאָזן א זייער טיפן איינדרוק אויף דאָס ווייכע האַרץ פון קינד און פסיכיש שטאַרק געווירקט אויף איהם. פון יענעם טאָג און ווייטער האָט ער געלערנט מיט נאָך אַ גרעסערע התמדה און קיין איינציגע מינוט נישט מבטל געווען פון לערנען.

דער אָפּגעזונדערטער און איינגעהאַלטענעם לעבן פון זיין פאָטער רבי

לייב, ווען עמענס יאָהרן עס זענען אויף איהם אַריבער אין געהיים און אין באַהעלטעניש, ביי וועלכן עס איז איהם העכסט געלונגען צו באַהערשן זיינע גרויסע גייסטיגע קרעפטן און עס אויסבאַהאַלטן פון מענטשנ׳ס אויג׳ן, איז געווען אין אַבסאָלוטן קאָנטראַסט מיט דעם שעפערישן גייסט און לעבן פון זיין זוהן רבי בנימין. די השגחה האָט באַשטימט רבי בנימין׳ען אויפצוטהון גרויסע זאַכן, און שוין אין זיין פריהסטער יוגנד, נאָך איידער עס זענען איהם פוהל געוואָרן גאַנצע צוואַנציג יאָהר, טרעפן מיר איהם ווי ער פאַרנעהמט דעם וויכטיגן און חשוב׳ן אַמט פון ראש בית דין און ראש ישיבה אין דער שטאָדט הוראָדנא.

דער שפע פון די גייסטיגע כחות וואָס דער באַשעפער האָט איהם בעשאָנקען, האָבן זיך נישט באַגרעניצט אין די פיהר איילן פון זיין שטוב וואָס אין הוראַדנא. זיי האָבן איבער געשפרונגען ווענט און צושטערט גרעניצן, אַרויסגעשטראָמט אָן קיין שום אָפּהאַלט פון זיין רשות היחיד צו דעם רשות הרבים און דערגרייכט ביז די טיפע ווייטקייטן און העכסטן רוים. עס איז דעריבער גאָר קיין וואונדער נישט וואָס ביז אַ גאָר קורצע צייט איז ער געוואָרן איינער פון די וויכטיגסטע פערזאָנען אין זיין דור, ווען עמענס ווירקונג און איינפלוס עס האָבן זיך געפיהלט אין דער אידישע וועלט. אַ גאון מובהק, אַ פוסק פון העכסטן אויטאָריטעט, אַ צדיק יסוד עולם, ווען עמענס וואָרט עס פאַרנעמט אַ גרויסן געוויכט.

אַ לאַנגע גאָלדענע קייט פון תלמידים גאונים, ראשי און מנהיגי ישראל,



רבי ברוך מרדכי ליפשיץ

האָט זיך געצויגן און אַרויס פון דעם בית מדרש פון רבי בנימין. זעכציג אויסגעצייכנטע תלמידים האָט ער פאַרמאָגט, צווישן זיי: דער גאון רבי יצחק אלחנן זצ״ל, קאָוונער רב, דער גאון רבי שמואל אביגדור זצ״ל (דער מחבר פון ספר תנא תוספאה). דער גאון רבי ברוך מרדכי ליפשיץ זצ״ל, נאָבהאַראָדאָקער און שעדליצער רב. דער גאון רבי שבתי פון פיעסק זצ״ל, און נאָך.

און די קינדער זיינע, די תלמידים: דער גאון רבי יהושע לייב דיסקין זצ״ל. דער גאון רבי אברהם שמואל זצ״ל, פלונסקער און וואָלקאָוויסקער רב (דער מחבר פון ספר לבני בנימין). דער גאון רבי זרח זצ״ל, הוראָדנער רב. דער גאון רבי נח יצחק זצ״ל, לאָמזשער ראש בית דין. (אויך צוויי טעכטער האָט רבי בנימין געהאָט, די עלטסטע ליבע רחל און שרה דבורה).

## יעדער חברה — א חברה ש״ס

שוואַך און מאָגער איז געווען רבי בנימין. זיין שוואַכקייט האָט איהם נישט געלאָזן אַרויפברענגען אויפ׳ן פאַפּיר זיינע פיהל חידושים, ווי זיין זוהן זאָגט עדות דערויף (אין דער הקדמה זיינע צום ספר לבני בנימין), אָבער ביים זאָגן זיינע שיעורים האָט ער פון קיין שום שוואַכקייט נישט געוואוסט. זיין שוואַכער געזונט האָט נישט פאַרטונקלט איבער זיין שטאַרקן חשק צו לערנען תורה מיט תלמידים און פאַרשפרייטן תורה ביי אידן. זיינע שיעורים האָבן איהם ממש אָפּגעפרישט און אַריינגעגעבן אַ נייעם חיות אין זיינע ביינער, זיי זיינען געווען דער צענטער און פונדאַמענט פון זיין לעבן, און זיין זוהן זאָגט עדות אויף איהם ״זיינע מינוטן זענען געווען געציילט און געמאָסטן פאַר זיינע באַשטימטע שיעורים״.

אויך צו זיינע אַרומיגע פלעגט ער שטענדיג אויפמערקזאַם מאַכן וועגן די וויכטיגקייט און נויטווענדיגקייט צו זיך מאַכן באַשטימטע שיעורים. ער פלעגט שטענדיג זאָגן אַז ער האָט געהערט פון זיין פאָטער וועלכער האָט עס מקבל געווען פון די זקני הדור, אַז יעדע חברה אָדער פאַרבאַנד וואָס איהרע תקנות פאַרבינדן נישט איהרע מיטגלידער מיט אַ באַשטימטן שיעור אין גמרא אָדער משניות, טאָר מען איהר נישט אויפהאַלטן, און זי טאָר נישט עקזיסטירן. אויך די חברה קדישא ביי איהם אין שטאָדט האָט אין זיינע צייטן איינגעפיהרט צו צוטיילן ש״ס צווישן איהרע חברים.

ווי ווייט די דאָזיגע וויכטיגע תקנה האָט געהאָט בכוח צו היטן אויף דער גאַנצקייט פון דאָס אידישקייט, און נישט צולאָזן קיין התחברות פון די עהרליכע אידן צוזאַמען מיט עוברי עבירה, קען מען זעהן פון אַ מעשה וואָס איז פאַרגעקו־מען ביי זיין זוהן, דער גאון רבי יהושע לייב, ווען ער איז שוין געווען אין ירושלים:

אין יענע תקופה האָבן די מיסיאָנערן געגומען זייער אַרבעטן פלייסיג אין ירושלים און פאַרשפרייטן דאָרטן זייער נעץ, אַריינצוכאַפּן ריינע אומשולדיגע נפשות און זיי איבערפיהרן צום קריסטליכן גלויבן. דער באָדן איז דאַן געווען ווי צוגעפּאַסט פאַר זייער טעטיגקייט. די אָרעמקייט און געדריקטע לאַגע אין וועלכע פיהל פון די איינוואוינער פון ירושלים האָבן זיך דאַן געפונען און צו דערצו די קרענק און מגפות וואָס האָבן דאַן געטראָפן אין שטאָדט און איבער געלאָזט נאך זיך צובראָכענע און נאָכגעלאָזענע פאַמיליעס. דאס אלעס האָט פיהל מיט געהאָלפן די מיסיאָנערן צו קענען באַווירקן זייערע קרבנות.

פאַר די מיסיאָנערן איז דאַן געווען די גינסטיגע געלעגנהייט צו אַרויסווייזן זייערע "רחמנות'דיגע" געפיהלן דורך אויסשטרעקן הילף פאַר די אומגליקליכע און געטראָפענע פאַמיליעס. זיי האָבן געשאָטן געלד אויף רעכטס און אויף לינקס, געעפנט אַ שפּיטאָל אין וועלכע זיי האָבן געברענגט די בעסטע דאָקטוירים און די טייערסטע מעדיצינען. עס איז געווען ממש אַ לעבנס פראַגע, ווייל מען האָט אין קיין אַנדער אָרט נישט געקענט באַקומען אַזעלכע לייכטע באַדינגונגען און צומאָהל אַפּילו אויך נישט פאַר קיין געלד.

עס איז בעקאַנט אַז דער גאון רבי אברהם חיים גאגין זצ"ל, דער דאַמאָלס־דיגער חכם באַשי (אָנערקענטער פון רעגירונג הויפּט רב) איז געווען פון די וואָס האָבן געקעמפּפט מיט גרויס אימפּעט קעגן דעם מיסיאָן, און ווען ער איז אַמאָהל קראַנק געווען, איז דאַן אין שטאָדט קיין אַנדער דאָקטאָר נישט געווען אויסער דער דאָקטאָר וואָס האָט געאַרבעט אין מיסיאָנערישן שפּיטאָל. מען האָט איהם געוואָלט ברענגען צום רב, בעזונדער אין דעם פאַל וואו עס האָט זיך געהאַנדלט אין פּיקוח נפשות, אָבער דער רב האָט בשום אופן נישט מסכים געווען זיך ביי איהם צו בעהאַנדלען, און ענדליך איז ער טאַקע פון דעם דאָזיגן קרענק געשטאָרבן. אזוי ווייט האָט זיך דער רב ממש מוסר נפש געווען אין זיין קאַמפּף קעגן דעם מיסיאָן.

ווען די מיסיאָנערישע טעטיגקייט האָט זיך געשטאַרקט און מען האָט שוין ממש נישט געקענט אויסהאַלטן פון זייערע חוצפה'דיגע וועגן און מיטלען וואָס זיי האָבן אָנגענומען, האָבן זיך צוזאַמען גענומען עטליכע פון די ירושליימער עסקנים און געגרינדעט אַ פאַרבאַנד אונטערן נאָהמען "בני ישראל", מיטן צוועק צו באַקעמפן דעם מיסיאָן און צושטערן זייערע אונטערנעמונגען, שטעהן אויף דער וואַך און נישט צולאָזן אַז אַ אידיש נפש זאָל אַריינפאַלן אין זייער נעץ.

כדי דער דאָזיגער פאַרבאַנד זאָל זיין בעפוהלמעכטיג צו קעמפפן און פאַרמאָגן אונטער זיך די שטאַרקסטע מיטלען, האָבן זיך אין איהר בעטייליגט אויך נישט קיין פרומע מענטשן, וואָרום זייערע שטאַרקע פאַרבינדונגען מיט די קאָנסולן און הויכע רעגירונגס בעאַמטע, איז זייער צוניץ געקומען פאַר דעם פאַרבאַנד דער קאַמף זאָל אָנגעהן מיט ערפאָלג.

אין איינעם אַ אָוונד איז צום בריסקער רב, הגאון רבי יהושע לייב זצ״ל, אַריין געקומען רבי ישעיה אורנשטיין, זיך אויסגעטהון די שיך און זיך געזעצט אויף דער ערד ווי א אבל רח״ל. ווען דער רב האָט איהם געפרעגט וואָס עס איז געשעהן און פאַרוואָס האָט ער זיך געזעצט אויף דער ערד, האָט איהם רבי ישעיה געזאָגט, אַז ער קלאָגט יעצט אויף דעם חורבן פון דאָס אידישקייט אין ירושלים, ער האָט איהם דערצעהלט אַז אין שטאָדט איז געגרינדעט געוואָרן אַ חברה צו קעמפפן מיטן מיסיאָן, און אין דער דאָזיגער חברה נעמען אָנטייל אויך נישט קיין פרומע אידן, און ווער ווייס וואָס פאַר אַ שלעכטס עס קען דערפון אַרויסקומען פאַר די פרומע אידן, כאָטש דער צוועק איז טאַקע, אַ הייליגער, אָבער דורכן באַהעפטן זיך מיט פושעים און בעלי עבירה, קען קיין גוטס נישט אַרויס קומען, ווי דער פסוק זאָגט: ״בהתחברך עם אחזיהו פרץ ה׳ מעשיך״. דער רב האָט איהם געזאָגט אַז ער וועט אַריינטראַכטן אין דעם ענין און זעהן וואָס מען האָט דאָ צו טהון.

גלייך נאָכדעם ווי רבי ישעיה האָט פאַרלאָזט דאָס הויז פון רב, האָט ער באַלד געשיקט רופן צו זיך איינעם פון די אָנפיהרער פון דער נייער חברה, הרה״ג רבי נחום לעווי, און איהם געפרעגט וואָס איז דער צוועק פון דער דאָזיגער חברה. רבי נחום האָט איהם דערצעהלט ועגן די גרויסע טעטיגקייט פון די מיסיאָנערן און זייערע פעולות אַריינצוכאַפּן אין זייער נעץ כשר׳ע אידישע נשמות און דערפאַר האָט מען געגרינדעט די חברה, און כדי זי זאָל זיך קענען פאַרמעסטן מיט די מיסיאָנערן האָט מען אַריינגענומען אויך אַזעלכע מענטשן וואָס האָבן שטאַרקע פאַרבינדונגען מיט די רעגירונגס קרייזן א.ד.ג.

— מיר האָבן אַ קבלה פון די אַלטע אידן, פון די זקני תלמידי חכמים פון בריסק, — האָט איהם דער בריסקער רב געזאָגט — נישט גרינדן קיין שום חברה אויסער א חברת ש״ס אָדער משניות, ווייל יעדע חברה וואָס איהר גרונד פרינציפּ איז נישט באַזירט אויף תורה, כאַפּן זיך דאָרטן אַריין נישט קיין עהרליכע לייט און ענדליך מאַכן זיי קאַליע די חברה, אַפילו די חברה קדישא פון בריסק האָבן געמוזט יעדן טאָג לערנען אַ שיעור אין גמרא, כדי עס זאָל זיין אין גרונד אַ תורה׳דיגע חברה, און דעריבער — האָט דער בריסקער רב אויסגעפיהרט — זאָג איך אייך מיין עצה, אַז אויך די דאָזיגע חברה וואָס איהר האָט געגרינדעט צו קעמפפן מיטן מיסיאָן, זאָלט איהר באַשטימען אַז די אַלע מיטגלידער פון דער חברה מוזן זיך בעטייליגן יעדן טאָג אין אַ שיעור גמרא און דער וועלכער וועט זיך נישט בעטייליגן ווערט אויסגעשלאָסן פון דער חברה.

די אָנפיהרער פון דער חברה ״בני ישראל״ האָבן באַלד אָנגענומען די דאָזיגע תקנה און ביז אַ קורצע צייט זענען די פרייע ארויס געפאַלן פון דער חברה.

## א אומפארשטענדליכער פסק

רבי בנימין האָט זיך נישט באַגרעניצט נאָר מיט זיינע באַשטימטע שיעורים, זיינע פסקים און הוראות האָבן דערגרייכט אין ווייטע געגנדן, די גאונים פון דור האָבן זיך מיט זיי שטענדיג גערעכנט און עס האָט פאַרנומען ביי זיי אַ גרויסן געוויכט. די פסקים זיינע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער קלאָרקייט און פעסטקייט.

עס האָט אַמאָהל פּאַסירט און צו רבי בנימין׳ען זענען געקומען צוויי בעלי דינים וועגן א דין תורה. דער פסק איז אַרויס אַזביידע זענען מחויב צו שווערן. האָט זיך אָבער געשטעלט די פראַגע ווער זאָל דער ערשטער שווערן.

רבי בנימין האָט דאַן געפסקנט מען זאָל וואַרפן גורל צווישן זיי.

דאָס איז געווען אין הוראדנא. צופעליג איז דאַן געקומען קיין הוראדנא זיין תלמיד, דער גאון רבי יצחק אלחנן, דער שפּעטערדיגער קאָוונער רב. טרעפנדיג זיך מיט אייניגע לומדים פון שטאָדט, האָט ער געהערט ווי זיי שמועסן צווישן זיך מיט ביטול אויף דעם מאָדנעם פסק פון רב, וועלכער האָט געפסקנט צו וואַרפן גורל ווער עס זאָל פריער שווערן, אַ פסק וואָס איז אָנגענומען נאָר ביי קדיש יתום. רבי יצחק אלחנן, וועלכער איז דאַן אַלט געווען נישט מעהר ווי אַכטצן



רבי יצחק אלחנן ספעקטאר

יאָהר, האָט אויפגעמישט דעם יורה דעה און זיי בעוויזן, אַז דער ט״ז פסקנט דעם זעלבן דין אויך ביי א דין פון איסור והיתר, און זיי האָבן פון דעם דין נישט געוואוסט.

די אָפּלאָכער האָבן אַראָפּ געלאָזט די קעפּ, און פאַרשעמט אָפּגעצויגן איינציגווייז, נאָכדעם ווי זיי זיינען באַזיגט געוואָרן דורך אַ יונגן תלמיד פון רבי בנימין׳ען.

★

אַן אַ שיעור עגונות, פלעגן זיך ווענדן צו רבי בנימין ער זאָל זיי אויפבינדן פון זייערע פאַרשלאָסענע קייטן, צווישן זיי פיל אַזעלכע וואָס האָבן שוין געהאַט א היתר פון די גאוני הדור, אָבער זיי האָבן צוגעלייגט דערצו אַ בעדינג, אַז דער היתר וועט קענען נוצן נאָר דאַן אויב רבי בנימין וועט דערצו געבן זיין צושטימונג.

אין יאָהר תקצ״א האָט רבי בנימין געפּסקנט צו אויפעפענען אַ קבר, כדי צו דערקענען דעם נפטר לויט זיינע סימנים און דורך דעם מתיר מאַכן זיין פרוי די עגונה צו חתונה האָבן.

אין יאָהר תר״א האָט זיך געהאַנדלט אין ירושלים וועגן א עגונה פראַגע, דער ענין איז געווען זייער אַ שווערער און פאַרפּלאָנטערטער. דאַן האָט זיך דער גאון רבי שמואל סאלאנט זצ״ל געווענדעט צו רבי בנימין׳ען ער זאָל דעם ענין באַהאַנדלען און זאָגן דערויף זיין מיינונג.

★

כאָטש רבי בנימין איז געווען אַזוי פאַרטהון אין זאָגן זיינע שיעורים און צו ענטפערן בריוו צו די אַלע וואָס האָבן זיך צו איהם געווענדעט און צוגעשיקט אָנפראַגן אין הלכה, און פון דער אַנדער זייט האָט ער אויך געדאַרפט בעזאָרגן די שטאָדט בעדערפעניששן, וועלכע זענען געלעגן ווי אַ שווערער לאַסט אויף זיינע שוואַכע פּלייצעס, פונדעסטוועגן, האָט ער דאָך געפונען גענוג צייט זיך אָפּצוגעבן מיט דער ערציהונג פון זיינע קינדער און מאַכן מיט זיי באַשטימטע שיעורים, וואָרום זיין שטאַרקער באַגעהר איז פון שטענדיג געווען, דאָס זיינע קינדער זאָלן נישט ערצויגן ווערן ביי פרעמדע, נאָר זיי זאָלן לערנען ביי איהם זעלבסט, און אַזוי איז רבי בנימין געוואָרן אין אַ געוויסע צייט פון טאָג אַ פּשוטער מלמד דרדקי, זיך אַראָפּגעלאָזן צו זיינע געצערטלטע יונגע קינדערלאך און געלערנט מיט זיי עברי און אל״ף בי״ת, חומש מיט תנ״ך, משניות מיט גמרא, מוסר און מדות, הלכה מיט יראת שמים, ווי זיין זוהן זאָגט עדות דערויף: ״מיר ווייסן גאַנץ גוט אז אין יעדעס וואָרט וואָס געהט אַרויס פון אונזער מויל, רעדט אַרויס דער גייסט פון אונזער גרויסער פאָטער, דער גאון זצ״ל, ווייל פון זינט מיר זיינען געקומען צום שכל ביז זיינע

לעצטע יאָהרן, האָבן מיר אויסער איהם קיין אַנדערן רבי'ן נישט געהאַט, פון זיין קוועלע האָבן מיר געשעפּט און פון זיין חכמה האָבן מיר געטרונקען און געלאַשן אונזער דורשט". (פון דער הקדמה צום ספר לבני בנימין פון זיין זוהן).

ווי ווייט די שיעורים מיט זיינע באַליבטע קינדער זענען געווען ביי איהם טייער, קען מען זעהן פון די פאָלגענדע מעשה:

געווען איז עס ערב יום כיפור אין אָוונד. אַלע מענטשן פון שטאָדט שטראָמען מאַסן ווייז אין די שוהלן צו כל נדרי. אין דעם בית מדרש וואו דער רב דאַוונט, וואַרט דער גאַנצער עולם אויף דעם רב וועלכער האָט זיך היינט זייער פאַרשפּעטיגט צו קומען. דער טאָג געהט שוין באַלד אַוועק, עס פאַלט שוין באַלד צו די נאַכט און דער רב איז נאָך אַלץ נישטאָ. דער עולם איילט צו דעם שמש ער זאָל געהן וואָס שנעלער צום רב אין שטוב און זעהן וואָס איז די סיבה וואָס דער רב האָט זיך היינט אַזוי געשפּעטיגט.

דער שמש איז אַריינגעקומען צום רב אין שטוב. ווי ערשטוינט איז ער געוואָרן ווען ער האָט געטראָפן דעם רב ווי ער זיצט און לערנט מיט זיין אייניקל, רבי יהושע לייב.

רבי בנימין האָט זיך גענומען פאַרענטפערן, אַזוי ווי דער הייליגער טאָג יום כיפור האָט זיך דערנעהנטערט, און ער האָט גענומען מאַכן זיין אייגענעם באַלאַנס, האָט ער אויסגעפונען דאָס ער האָט זיך דורכ'ן יאָהר כמעט נישט ערוואָרבן קיין מצוות און מעשים טובים, ער פיהלט זיך דעריבער ווי אַ ליידיגע כלי, ווי זשע קען ער זיך גרייטן אויפנעהמען אַזאַ הייליגן טאָג מיט ליידיגע הענט, האָט ער דעריבער באַשלאָסן צו מקיים זיין די מצוה פון "ולמדתם אותם את בניכם", וועלכע עס שטעהט איהם אונטער די הענט, און ער האָט זיך געזעצט לערנען מיט זיין קינד, אפשר וועט ער דורך דעם זוכה זיין אין דעם מאָרגנדיגן גרויסן געריכט...

## די אויסגעצייכנטע ריידע

רבי בנימין איז טאַקע געווען שטאַרק פאַרנומען מיט לערנען תורה, מיט זיינע קינדער, מיט זיינע תלמידים און צו ענטפערן תשובות, אָבער נישט איינמאָהל האָבן די געזעלשאַפטליכע זאַכן און כלל ענינים געפאָדערט אָפּצוגעבן זיי מעהר צייט און רבי בנימין פלעגט זיך פון אַלעס אָפּרייסן און ווידמען דערויף זיין צייט, אויב ער האָט פון פאָראויס געזעהן אַז דערמיט וואָס ער וועט נעהמען אַנטייל, וועט די זאַך האָבן אַ גרעסערן ערפאָלג און ברענגען מעהר נוצן לטובת דעם כלל.

און ווען רבי בנימין פלעגט זיך נעהמען צו אַ זאַך וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט אַ כלל ענין, האָט ער זיך דאַן אַרויס געוויזן מיט זיין גאַנצן גלאַנץ

און פראַכט. דאָן האָבן אַלע געזעהן אין איהם דעם הייליגן מאַן וואָס אַ ג־ט׳ליכער גייסט באַהערשט איהם, דער קלוגער און פארשטאַנדיגער, דער פיהרער און וועג ווייזער.

ביי אַ נישט ערוואַרטענעם צופאַל איז אַמאָהל אויסגעקומען רבי בנימין׳ען צו האַלטן אַ פּאָליטישע ריידע אין דער אַנוועזנהייט פון די רעגירונג׳ס הויפּט מיטגלידער, דיפּלאָמאַטן און גראַף׳ן. רבי בנימין האָט זיך גאָר נישט געריכט צו האַלטן דאָרטן קיין ריידע און פונדעסטוועגן האָבן זיינע ווערטער געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג און מען האָט זיך דערמיט גערעכנט ווי מיט אַ פּאָליטישע ריידע פון ערשטן ראַנג.

די מעשה איז אַזוי געווען:

אין דער צייט וואָס דער קייסער נאַפּאָליאָן האָט בעפרייט די לאַנד פוילן און עס אַרויס גענומען פון אונטער די רוסישע מאַכט, אויפן וועג פון זיין בעוואוסטן זיג־רייכן מאַרש, האָט מען אין פאַרשידענע שטעדט איינגעאָרדנט גרויסע בעלער און פייערליכע סעודות, צו וועלכן עס זיינען אויך אַיינגעלאַדנט געוואָרן פאַרשטעהער פון די פאַרשידענע רעליגיעזע אַנפיהרער, וועלכע האָבן געהאַלטן פייערדיגע ריידעס און גראַטולירט דעם קייסער לכבוד דעם גרויסן געשעהעניש.

אין איינעם פון די אָוונדן זענען ערשיינען אין הויז פון רב באוואָפנטע מיליטער און נישט מעלדנדיג פון פאַראויס וואוהין און צוליב וואָס, האָט מען איהם אַוועק געפיהרט צו איינע פון די פייערליכע צוזאַמענקומען וואס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין יענעם געגנד. ערשט אין מיטן וועג האָט מען איהם דערצעהלט וואוהין מען נעהמט איהם און וואָס איז דער כאַראַקטער פון דעם דאָזיגן צוזאַמענקום.

ווען רבי בנימין איז אַריינגעקומען אין דעם קעניגליכן זאַל וועלכער איז געווען פאַרפּלייצט מיט בלענדענדע ליכט און פראַכטיג אויסגעפּוצט און אויס־געציהרט, האָט ער שוין דאָרטן געטראָפן די פירשטן מיט די מיניסטאָרן און הויכע רעגירונגס בעאַמטע, זיצנדיג אַרום די סערווירטע טישן און פאַרברענגען מיט די פּריצים און די פאַרשטעהער פון די פאַרשידענע רעליגיעס. אין יענעם מאָמענט איז געשטאַנען אויף דער באַלעמער איינער פון די גלחים און געפּלוידערט חניפה ריידעלעך מיט פּוסטע פראַזן לכבוד דעם פוילישן פאָלק. צוליב זיין לאַנגע ריידע האָט רבי בנימין דערווייל געהאַט גענוג צייט קומען צו זיך פון דעם שרעק וואָס ער האָט יעצט איבערגעלעבט, און זיך פאַרטראַכטן אויף די גרונד פּרינציפּן אויף וועלכע ער וועט בויען זיין דרשה. פון איין זייט נישט צו באַריהרן אַפילו מיט אַ קליינינקייט אין די שטאָלץ געפיהלן פון דעם פוילישן פאָלק וועלכער איז יעצט פאַרשיכורט פון זיין זיג, און פון דער אַנדער

זייט, נישט איבערטרייבן מיט ביליגע חניפה ריידעלעך וועלכע זאָלן פאַרדעקן איבער די פיינטליכע באַציהונגען פון די פריצים צו זייערע אידישע איינוואוינער.

ווען עס איז צוגעקומען צו זיין רייה צו האַלטן אַ ריידע, איז רבי בנימין אויפגעשטאַנען און אַרויף אויפ׳ן באַלעמער. ער האָט געהאַלטן נישט קיין גאַנץ לאַנגע ריידע, אָבער זייער אַ שפּאַנענדע, סיי צוליב דעם קלאָרן אויסדריק אין וועלכן ער איז געווען געבענטשט און סיי צוליב דעם אינהאַלט וועלכער האָט געציהלט צום פינטל.

*

דאָס איז געווען מער ווייניגער דער אינהאַלט פון דעם פאָרטראָג:

עס איזווירקליך כדאי זיך אַ ביסל צופאַרטיפן אין די געהיימניסן וואָס דער באַשעפער האָט געטהון אויף דער וועלט און פּרובירן צו אויפלעזן אייניגע פון זיי, וועלכע עס דוכט זיך אין אויבערפלעכליכן בליק דאָס זיי זענען זייער וואונדערליכע און אומפאַרשטענדליכע, אָבער ווען מיר פאַרטראַכטן זיך אין זיי און דרינגען טיפער אַריין, דערגרייכן מיר זייער געהיימניס.

פון דער אויבערפלעכליכער שטאַנד־פּונקט איז זייער וואונדערליך און אומפאַרשטענדליך די פּאַסירונג מיט יוסף הצדיק. אַזאַ טייערע ריינע נשמה האָט מען אַריין געוואָרפן אין טיפן גרוב און אַנגעטהון קייטן אויף זיינע פיס. טאָמער זענען זיינע לײדן נאָך נישט געווען גענוג דורך דעם אַליין וואָס מען האָט איהם פאַרקויפט אַלס קנעכט, האָט מען זיך נאָך אַנגעטשעפּעט אויף איהם מיט אַ אומפאַרשעמטן געמיינעם בלבול וואָס האָט פאַרשוועכט זיין נאָהמען און עהרע און באַרויבט זיין פרייהייט.

די העכערע מאַכט וואָס האָט פון פאָראויס געוואוסט אַז ער איז באַשטימט אויף הערשאַפט און קעניגרייך, פאַרוואָס האָט זי אַנגעהאַנגען אויף זיינע פּלייצעס אַ פּעקל פון שפּאָט און שמוץ, כאָטש דאָס איז זיכער אַז דעם אויבערשטנס משפּט איז גערעכט און עס איז נישטאָ וואָס נאָכצוקלערן אין איהר גערעכטיג־קייט, שטעלט זיך אָבער פאָרט די וואונדערליכע פראַגע: פאַרוואָס האָט מען נישט אָביסל פערלייכטערט זיינע יסורים און פאַרוואָס האָט מען פאָרט פאַרבי־טערט זיין לעבן נאָך איידער ער האָט געשטעלט דעם ערשטן טראָט אין לעבן?

כדי אויפצולייזן די דאָזיגע געהיימניס, קומען מיר צו דעם אויספיהר, אַז דאָס איז טאַקע איינע פון די וועגן פון דער העכערער השגחה, גראַדע דער מענטש וועלכער איז באַשטימט פון פאָראויס צו רעגירן און געוועלטיגן, אַט דער וואָס דאַרף ווערן דער צוקונפטיגער הערשער אויף מענטשן, און ער וועט באַקומען די פוהלמעכטיגקייט אין זיינע הענד באַשטימען אויף לעבן און טויט, צו באַשטראָפן אָדער צו באַגנעדיגן, דער דאָזיגער מענטש זאָל אַליין אויך פאַרזוכן דעם טעם פון ליידן און פּיין, און שפּירן אויף זיין אייגענעם לייב די

בעדייטונג פון פּאַרקרימען און פעלשן דעם געריכט. ווען ער וועט שפּעטער דערהויבן ווערן צו אַ הויכן אַמט און באַקומען די מאַכט אין זיינע הענד, וועט ער די אָנקלאַגע גוט אויספאָרשן און נאָכזוכן כדי צו דערגרייכן דעם אמת. ער, וועלכער האָט אַדורכגעמאַכט אויף זיין לייב די אַלע ליידן און פּיין און גוט געשפּירט דעם טעם פון זיצן אין אַרעסט און די געפיהלן פון דעם אַרעסטירטן, וועט אויך שפּירן און דערהערן די געפיהלן פון דעם אָנגעקלאָגטן ווען אין זיין האַנד ליגט יענעמס אורטייל.

די דאָזיגע ריכטיגע אָנערקענונג, וועט פאַרשפּרייטן אַ ריכטיגע ליכט צו פאַרשטעהן די אורזאַך, פאַרוואָס דאָס פּוילישע פאָלק איז אַזוי געשטראָפט געוואָרן דורך דער אויבערשטער השגחה און זי האָט אַזוי שווער געליטן. דער באַשעפער האָט געוואוסט, אַז פאַר דעם דאָזיגן פאָלק איז באַשטימט געוואָרן צו הערשן און רעגירן און זי האָט דעם צוקונפט צו געוועלטיגן איבער פעלקער וועלכע וועלן זיך געפינען אונטער איהר שוץ. האָט דעריבער די אויבערשטע השגחה געפונען פאַר נויטיג איהר געבן פון פאָראויס צו פאַרזוכן דעם טעם פון פאַרקרימען דעם געריכט. זי האָט דעריבער באַקומען די בעסטע געלעגנהייט צו דערשפּירן די געפיהלן פון אונטערדריקטע, וועלכע זיינען אַ גאַר לייכטער עלעמענט און ציהל צו פּייניגן און אונטערדריקן. נאָך אַזאַ ביטערן פאַרזוך, און נאָך די פיהל ערפאַהרונג וואָס זי האָט זיך דערוואָרבן אין איהר לאַנגן דורכגאַנגס וועג, וועט דער דאָזיגער פאָלק וויסן ווי אַזוי ער דאַרף זיך באַציהען צו זיינע בירגער וואָס געפינען זיך אונטער זיין שוץ.

*

— איך וועל אייך דערצעהלן אַ פאַקט — האָט רבי בנימין ווייטער געזאָגט — אַלס מוסטער, וועלכע וואַרפט אַ ליכט און שפּיגלט אָפּ קלאָר ווי עס זעהט אויס דאַן ווען די הערשאַפט געפינט זיך אין די הענט פון אַזוינע לייט וואָס האָבן אויף זייער לעבן נישט געשפּירט דעם טעם פון ליידן און פּיין, און ווי אַזוי עס זעהט אויס זייער באַציהונג צו זייערע אָרעמע קרבנות, און איהר וועט דערפון באַשטעטיגן די ריכטיגע וועגן פון דער השגחה.

דאָס האָט פּאַסירט נאָך איידער די רוסן האָבן באַהערשט דאָס לאַנד, און איינער אַ פּרינץ, אַ גאַר יונגער פּריץ, וואָס האָט פאַרמאָגט אייניגע גיטער וועלכע האָבן זיך געפונען אין די הענד פון אידישע אַרענדאַרן, וואָס האָבן געצאָהלט פאַר דעם פּריץ גאַר טייערע פּרייזן אַלס שכירות. די דאָזיגע אידן האָבן געדינט אַלס שפּילצייג פאַרן פּריץ אויסצופיהרן איבער זיי זיינע ווילדע איינפאַלן און משוגענע קאַפּריזן.

אין איינעם פון די ווינטערדיגע נעכט האָט דער פּריץ נישט געקענט איינשלאָפן. ער האָט זיך געוואָרפן אויף זיין געלעגער ווי אַ שלאַנג, זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער זייט, אָבער דער שלאָף האָט איהם

נישט געגומען. וואָס זשע זאָל ער יעצט טהון. טראַכטנדיג אַזוי איז איהם איינגע־פאַלן אַ געדאַנק. ער שיקט באַלד רופן איינעם פון זיינע באַדינער און רופט אויס צו אים:

— דו ווייסט דאָך אַז אין אונזערע גיטער וואוינען פיל אידן, יעצט, ווען איך קען נישט איינשלאָפן וואָלט געווען דער בעסטער פלאַן, מיר זאָלן נעמען אַ וואָגן, און זיי באַזוכן איינציגווייז, אַזוי אַרום וועלן מיר זיך אַביסל א שפיל טהון איבער זיי און אונטערהאַלטן זיך, ביז די נאַכט וועט אַריבער לויפן.

געזאָגט און געטהון. דער פריץ מיט דער פריצה׳טע האָבן זיך שנעל אָנגעטהון, דער וואָגן איז באַלד אייגעשפּאַנט געוואָרן און זיי האָבן זיך אַרויס־געלאָזט אויפן וועג צו באַזוכן די אידן אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען צו דער ערשטער סטאַנציע, איז דער בעל עגלה אַראָפּ פון וואָגן, אָנגעקלאַפּט אין דער טיהר און אויסגערופן: „עפנט שנעל אויף די טיהרן! חשובע געסט קומען צו אייך אויף אַ וויזיט! דער פריץ מיט דער פריצה׳טע, זאָלן לעבן!"

די שטוב מענטשן זענען אַראָפּ געשפרונגען פון געלעגער מיט גרויס שרעק, מען האָט באַלד געמאַכט ליכטיג, און מיט גרויס איילעניש צוגעגרייט דעם טיש, אויסגעשפּרייט אַ טישטאָך און אויסגעשטעלט דערויף כיבוד מיט נאַשע־רייען פון וועלכע עס האָבן זיך דאַן געפונען אין שטוב. מען האָט שנעל געעפנט די טיהר און דער פריץ מיט זיינע באַגלייטער זענען אַריינגעקומען.

דער פריץ האָט זיך באַלד געזעצט אויבן אָן און זיינע באַגלייטער האָבן זיך באַזעצט אַרום דעם אָנגעשטעלטן טיש מיט אַלעס גוטס. די הויז מענטשן האָבן זיך איינגעקאָרטשעט אין אַ ווינקל פון גרויס שרעק און מורא. מיט אַמאָהל וועגדעט זיך דער פריץ צום אַרענדאַר מיט אַ שפּאָטישן טאָן און רופט אויס:

— עס איז טאַקע אַלעס גוט און פיין, אָבער דו ווייסט דאָך אז איך האָב זייער ליב שווייצער קעז און דאָס זעה איך דאָ נישט ביי דיר אויפן טיש!

דער אומגליקליכער איד וועלכער האָט גוט געוואוסט מיט וואָס עס שמעקט און אָנטקעגן וואָס די רייד פון פריץ זענען געציהלט, האָט מיט גרויס שרעק זיך גענומען פאַרענטפערן, דאָס וויבאַלד מען האָט איהם פריהער נישט געמאָלדן אַז עס קומען צו איהם אַזעלכע חשובע געסט, האָט ער זיך נישט געקענט צוגרייטן און יעצט אין מיטן דער נאַכט איז אוממעגליך עס צו באַקומען.

דער פריץ לאָזט זיך אָבער נישט איבערבעטן, ער פאָדערט זיך זיינס: שווייצער קעז זאָל מען איהם שנעל ברענגען, טאָמער נישט וועט ער לאָזן דעם אַרענדאַר שמייסן.

די באַגלייטער פון פריץ האָבן באַלד אויסגעצויגן דעם אידן אויף דער ערד

און איהם גענומען אײַנטײלן שמיץ, ביז דאָס בלוט האָט גענומען שפּריצן פון איהם, אַלס שטראָף פאַר זײַן גרויסן זינד וואָס ער האָט נישט צוגעשטעלט פאַר דעם פּריץ וואָס זײַן האַרץ גלוסט. עס האָבן נישט געהאָלפן דאָס געוויין פון דעם אַרענדאַר, און נישט די טרערן פון זײַן פרוי און קינדער וועלכע זענען געפאַלן דעם פּריץ צו די פיס און איהם געבעטן רחמים. אין די אויערן פון דעם פּריץ, די פּריצה און זײַערע באַגלייטער האָט זיך זײַער געוויין געהערט ווי אַ שיינער מוזיק און זיי האָבן ממש אָנגעקוואָלן צוקוקנדיג ווי דער איד ווערט געפּײַניגט און צובלוטיגט.

— די דאָזיגע אומגליקליכע פאַמיליע — האָט רבי בנימין ווייטער געשפּינט דעם פאָדים פון זײַן ערצעהלונג אין די אויערן פון די צוהערער — ווען דער אומגליק האָט געטראָפן דאָס ערשטע, האָט אין געהיים באַלד געשיקט אַ קינד, ער זאָל שנעל לויפן צו דעם שכנות׳דיגן אידן וועלכער וואוינט אין נאָהנטן גוט, און איהם מעלדן אַזוי ווי דער פּריץ וועט באַלד קומען אים באַזוכן, זאָל ער וויסן אַז זײַן האַרץ געהט איהם אויס נאָך אַ שטיקל שווייצער קעז.

דער פּריץ האָט פאַרלאָזן דאָס הויז פון דעם אידן און זיך געלאָזט פאָהרן צום צווייטן גוט. ער איז אַרײַנגעקומען צום אידישן אַרענדאַר און דאָרטן געפונען אַ צוגעגרייטן טיש אָנגעשטעלט מיט כל טוב, אויך שווייצער קעז האָט דאָרטן נישט געפעלט. דער פּריץ באַטראַכט דעם טיש און רופט אויס: — און וואו איז טאָקאַייער ווײַן?

וויפל דער איד האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן האָט עס גאָרנישט געהאָלפן, ער האָט נישט געקענט שטילן דעם צאָרן פון פּריץ. און ווידער האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט די פריהערדיגע שרעקליכע סצענע. דער אַרענדאַר איז געשמיסן געוואָרן ביז בלוט פאַרגיסונג, דער פּריץ מיט דער פּריצה האָבן דערפון געהאַט גרויס פאַרגעניגן ווען דאָס הויז געזינד פון דעם אידישן אַרענדאַר האָבן געקלאָגט און געוויינט.

און ווידער איז געשיקט געוואָרן אַ שנעלער לויפער צום דריטן גוט, אויפ־וועקן דעם דאָרטיגן אַרענדאַר ער זאָל קענען צוגרייטן באַצייטנס שווייצער קעז מיט טאָקאַייער ווײַן, לויט דעם פּריץ׳ס געשמאַק.

ווי נאָר עס האָט זיך געהערט פון דערווייטנס דער גערויש פון די רעדער פון וואָגן וועלכער האָט זיך דערנעהנטערט צו דער קרעטשמע, איז דער אידישער אַרענדאַר אַרויס געגאַנגען אַנטקעגן זיי מקבל פנים זײַן דעם פּריץ מיט זײַנע באַגלייטער און ער האָט זיי אַרײַן גערופן צו זיך. — איך האָב אָנגעגרייט פאַר אײַך מכל טוב! — האָט ער אויסגערופן צום פּריץ.

זיי זענען באַלד אַרײַן צום אַרענדאַר אין שטוב. ווי ערשטווינט זענען זיי אָבער געוואָרן אָנטרעפנדיג אַ ליידיגן טיש. דער איד האָט זיי אָבער נישט געלאָזט קומען צום וואָרט און זיך באַלד געווענדעט צום פּריץ אויסרופנדיג:

— הויך געשעצטער גראף! איך ווייס דאך קלאָהר, אַז וויפל איך וועל זיך באַמיהען און האָרעווען צוגרייטן פאַר דיר א סעודה פון בעסטן און שענסטן, וועסטו דאָך שטענדיג געפינען עפּעס אַ פעלער. דאָ פעלט דער סאָרט עסנוואַרג און דאָרטן פעלט יענער געטראַנק וועלכער וועט זיך גראַדע נישט געפינען ביי מיר אויפן טיש, כדי מיר צו באַשטראָפן דערפאַר און מיר לאָזן אָפּשמייסן. דערפון זעה איך דאָך קלאָר אַז דער גאַנצער צוועק פון דעם דאָזיגן באַזוך איז, נאָר, כדי מיר צו פּייניגן און שלאָגן. אָט האָסטו פאַר דיר, טייערער פּריץ, מיין גאַנצן קערפּער, קלאַפּ אַריין אין איהם וויפל דיין האַרץ גלוסט. דאָס איז דער כיבוד וואָס איך האָב פאַר דיר צוגעגרייט און צו וועלכן דיין האַרץ גלוסט, נאָך וואָס זאָלסטו אומזיסט זוכן עפּעס אַ אַנטשעפעניש און אַ פאַלשן אויסרייד...

ווען דער פּריץ האָט געהערט די דאָזיגע אָפענע רייד וואָס דער אידישער אַרענדאַר האָט איהם געזאָגט אין פּנים, איז ער געוואָרן שטאַרק פאַרשעמט און בעליידיגט, זיין שלעכטער גייסט וואָס האָט איהם באַהערשט האָט זיך פון איהם אָפּגעטהון, ער האָט באַלד פאַרלאָזן דעם אַרענדאַר׳ס הויז און חרטה געהאָט אויף דער משוגענער רייזע וואָס ער האָט דאָ יעצט געמאַכט.

— ווען נישט וואָס עס איז בייגעשטאַנען דעם אָרעמען אידן זיין קלוג־שאַפט און זיין געלונגענער ענטפער — האָט רבי בנימין אויפגעהויבן זיין שטימע — איז קלאָהר, אַז זיין אורטייל וואָלט אויפן אָרט באַשטימט געוואָרן און זיין גורל וואָלט נישט געווען בעסער ווי פון זיינע ברידער׳ס. דער דאָזיגער פּריץ וואָלט אַזוי ווייטער געצויגן זיין משוגענע רייזע און זיינע קרבנות וואָלטן זיך געהאַלטן אין איין מעהרן.

מיט וואָס לאָזן זיך ערקלערן די דאָזיגע ווילדע פאַרפּייניגונגען פון דעם פּריץ?

— ווייל דעם דאָזיגן פּריץ האָט מען געצערטלט פון קינדווייז אָן, ער האָט אין זיין לעבן קיינמאָהל נישט פאַרזוכט אויף זיין לייב דעם טעם פון אַ קלאַפּ און קיינמאָהל נישט געוואוסט דעם געפיהל פון אַ דערנידערטע פאַמיליע.

דער אויבערשטער וואָס פיהרט זיין וועלט מיט גנאָד און זיינע באַשעפענישן מיט רחמים — האָט רבי בנימין געענדיגט זיין ריידע ווען זיין בליק איז געווענדעט צו די פּריצים וועלכע זענען געזעסן קעגנאיבער — האָט דעריבער געפיהרט אַזוי, דאָס די רוסן זאָלן באַהערשן דאָס פּוילישע פאָלק, כדי זיי זאָלן פריהער פאַרזוכן דעם טעם פון ליידן און פּיין, פון קלעפּ און אונטערדריקונג. נאָך דעם דאָזיגן ביטערן פאַרזוך, קען מען האָפן אַז יענער פּריץ וואָס האָט שוין אַזוינס פאַרזוכט אויף זיין אייגענעם לייב, וועט מער נישט וואָגן זיך אונטערהאַלטן מיט אַזעלכע אויפטרייסלענדיגע סצענעס און ער וועט נישט אָנפאַלן אויף זיינע אומבאַשיצטע אונטערטאַנען מיט פאַלשע בלבולים כדי

דערפון זיך אַנזעטיגן מיט פאַרגעניגן און נאָכגעבן זיינע קאַפריזן. אַזוי אַרום איז דער דאָזיגער פאָלק שוין פאַרבערייטערט געוואָרן אויף פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט, פון וועלכן עס וועלן גענישן די אַלע בירגער פון לאַנד, אַזוי זאָל זיין דער ווילן פון באַשעפער.

*

די דאָזיגע וואונדערבאַרע ריידע פון רבי בנימין, האָט דאַן איבערגעלאָזן אַ זייער טיפן איינדרוק אויף אַלע אָנוועזנדע. עס האָט אָפּגעשפּיגלט די פייער־ליכע זייט פון דער געשעהעניש און אין דער זעלבער צייט געגעבן אַ געטרייעם איבערבליק אויף דעם שווערן צושטאַנד פון די אידן, וועלכע זענען געלעגן אין די הענד פון די פריצים און זייערע משוגענע קאַפריזן, און דאָס איז געזאָגט געוואָרן בשעת אייניגע פון זיי זענען דאַן געווען אָנוועזנד אין זאַל.

רבי בנימין איז דאַן אָפּגעפיהרט געוואָרן אַהיים, בעגלייט מיט אַ מיליטער־רישן עהרן־וואַך.

## א ווייטער בליק

רבי בנימין האָט אויך געהאַט אַ אַנדער געלעגנהייט זיך צו שטעלן פאַר די הויכע רעגירונגס בעאַמטע ווען עס האָט זיך געהאַנדלט לטובת דעם כלל. ער האָט זיך אָבער דערפון ענטזאָגט און נישט געוואָלט אָננעהמען די מיסיע.

דאָס איז געווען בערך אין יאָהר ת״ר.

די גאונים און די נכבדים פון ליטא האָבן זיך צוזאַמען געקליבן נאָכצוקומען די פאָדערונג פון דער רעגירונג, אויסצוקלייבן פון זיי פאַרשטעהער זיי זאָלן פאָהרן קיין פעטערבורג, צו ערלעדיגן אַ רעליגיעזן פּראָבלעם וואָס איז דאַן געשטאַנען אויפ׳ן טאָג אָרדענונג. די רעגירונג האָט געוואָלט פאָרלעגן פאַר די רבנים איהרע פאָרשלאַגן און בעקומען דערויף די צושטימונג פון די רבנים.

די אידן פון רייסן האָבן אויסגעקליבן דעם גאון און צדיק דעם צמח צדק זצ״ל פון ליובאַוויטש. און די גדולים פון ליטא האָבן אויסגעוויילט דעם גאון רבי בנימין.

ווען רבי בנימין האָט זיך דערוואוסט דאָס ער איז אויסגעוויילט געוואָרן צו זיין דער פאָרשטעהער פון די אידן אין ליטא פאַר דער רוסישע רעגירונג, איז ער באַלד אַוועק און געבראַכט אַ צעטל פון אַ דאָקטאָר אַז ער איז קראַנק און עס איז נישט מעגליך ער זאָל פאָהרן ביז קיין פעטערבורג. אַנשטאָט איהם איז דאַן אויסגעקליבן געוואָרן דער גאון רבי איצעלע וואָלאָזשינער זצ״ל.

איינער פון די דאַמאָלס׳דיגע גאונים וועלכער איז געווען נאָהנט צו רבי בנימין׳ען, האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז דאָס איז נאָר געווען אַ אויסרייד פון

רבי בנימין׳ען, און דעם אמת׳ן טעם פֿאַרוואָס ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פֿון דער נסיעה האָט ער נישט אָנגעגעבן. ער איז דעריבער אַריין צו רבי בנימין׳ען און איהם געפֿרעגט וואָס איז די סיבה וואָס ער האָט נישט געוואָלט אָננעהמען די דאָזיגע שליחות.



רבי מנחם מנדל מליובאוויטש — בעל ה״צמח צדק״

דערויף איז געקומען דער ענטפֿער:

— איך האָב פֿון פֿאַראויס געוואוסט אַז מען רופֿט אונז נישט קיין פּעטער־בורג כדי זיך מיט אונדז א דורכצוריידן און פֿרעגן ביי אונז א עצה, נאָר כדי מיר זאָלן געבן אונזער הסכמה אויף די אַלע פֿאַרשלאָגן פֿון דער רעגירונג וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט דער אידישער רעליגיע, און דעריבער, אויב איך וואָלט געוואוסט צום ווייניגסטן אַז מען וועט אונז פֿאַרלעגן אַזעלכע ענינים ביי וועלכע מיר זענען אָנגעזאָגט געוואָרן ״יהרג ואל יעבור״, וואָלט איך קיין מינוט נישט געצווייפֿלט, נאָר זיך אויפגעהויבן און באַלד געפֿאָרן, ווייל ביי אַזאַ לאַגע ווייס יעדער איד וואָס ער דאַרף דענסטמאָל טהון... איך האָב אָבער מורא געהאַט, טאָמער וועט אונז די רעגירונג פֿאַרלעגן צו באַשטימען און צו חתמענען אויף

אַזעלכע ענינים, וואָס מיטן ערשטן בליק איז דורך זיי קיין שום געפאַהר נישטאָ פאַר דער אידישע רעליגיע, דאַן וואָלט איך דאָך דערצו געוויס מסכים געווען און אונטער געחתמעט, מיט דער צייט אָבער, שפּעטער מיט אַ פופציג אָדער הונדערט יאָהר אַרום, וועט זיך אויסלאָזן, אַז די דאָזיגע פונקטן אויף וועלכע מיר האָבן געגעבן אונזער חתימה וועלן גאָר ווערן אַ שטרויכלונג פאַר אונזער רעליגיע און שטעלן אין געפאַהר אַפילו נאָר איינע פון די גדרים און סייגים וואָס אונזערע הייליגע חכמים האָבן אונז איבערגעגעבן און באַגרעניצט, איך וואָלט דאָך דערויף אייביג חרטה געהאַט און מעהר נישט געקענט פאַרריכטן, קיינמאָהל וואָלט איך דערויף זיך נישט געקענט מוחל זיין. ווען איך האָב זיך דאַן די זאַך איבערגעלעגט, האָב איך באַשלאָסן אָפּציהען באַצייטנס פון דער דאָזיגער שליחות און זיך נישט שטעלן אין געפאַהר.

דער דאָזיגער ווייטער בליק פון רבי בנימינ׳ען, האָט ערשטוינט דעם גאון וואָס האָט געשטעלט די פראַגע.

## דער גרויסער אונטערשייד

אין דער זעלבער מאָס וואָס זיינע טריט זענען געווען געוואויגן און געמאָסטן אין כלל ענינים, איז אויך זיין פּריוואַט לעבן געווען אויסגערעכנט ביז גאָר. אַ אויסערגעוויינליכער פונקטליכער מענטש איז ער געווען אין אַלע זיינע וועגן, ער האָט אויף זיך מחמיר געווען מיט די גרעסטע חומרות וואָס קען נאָר געבן. טאָמער האָט זיך איהם נאָר אויסגעדאַכט אַז עס געפינט זיך אַפילו אַ חשש ספק אין דער הונדערט פּראָצענטיגקייט פון דער כשרות פון אַ עסנוואַרג אָדער אַ געטראַנק, האָט זיך רבי בנימין דערפון אינגאַנצן פאַרמיטן. דאָס וואָס ער פלעגט אַריין נעהמען אין מויל, איז דורכגעזיפּט געוואָרן מיט אַן אַ שיעור זיפּן און שטרענג קאָנטראָלירט געוואָרן.

זיין גרויסער זוהן, רבי יהושע לייב, פלעגט שטענדיג דערצעהלן, דאָס בשעת ער איז נאָך געווען אַ קינד, האָט ער שטענדיג נאָכגעשפּירט און נאָכגעקוקט נאָך דעם הייליגן פיהרונג פון זיין פאָטער, ער פלעגט זייער אָפט באַמערקן, דאָס ווען עס האָט זיך געטראָפן עפּעס אַ שאלה ביי אַ עסן, אויך אַפילו דאַן ווען רבי בנימין האָט עס מכשיר געווען, האָט ער געהייסן די רביצין זי זאָל עס געבן עסן פאַר די קינדער, אָבער אַליין האָט דערפון מעהר נישט פאַרזוכט.

דער אינגאל, רבי יהושע לייב, האָט זיך דערפון געשפּירט זייער באַליידיגט, ער האָט נישט געקענט פאַרשטעהן וואָס איז דער אונטערשייד צווישן איהם און זיין פאָטער: ממה נפשך, טויג נישט דער עסן פאַר זיין פאָטער, פאַרוואָס זשע הייסט ער עס געבן פאַר די קינדער, און אויב דער טאַטע האַלט אַז עס איז דאָ אַ ענין זיך מחמיר זיין דערויף, פאַרוואָס זשע איז ער פאַר זיי מקיל ?

אַזעלכע פאַסירונגען פלעגן טרעפן זייער אָפט, רבי יהושע לייב האָט זיך

אָבער איינגעהאַלטן און נישט אַרויסגעוויזן זיין באַליידיקונג, כאָטש ער האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת נפש פאַרוואָס דער פאָטער באַציהט זיך אַזוי צו זיי.

אין אַ צייט אַרום האָט פּאַסירט און אַ פייער האָט אויסגעבראָכן אין אַ דאָרף נישט ווייט פון וואָלקאָוויסק, די שטאָדט וואו זיין פאָטער האָט דאַן געוואוינט. דער פייער האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט און דערגרייכט ביז צו דער דאָרפישער שוהל, די פלאַמען האָבן אַרום גענומען די שוהל און אָפּגעברענט אַ טייל פון די דאָרטיגע ספרי תורה.

ווען דער פייער האָט זיך איינגעשטילט, האָבן די דאָרפס מענטשן געשיקט פרעגן רבי בנימין׳ען, וואָס זיי דאַרפן טהון און ווי אַזוי זיי דאַרפן זיך פיהרן מיט די אָפּגעברענטע ספרי תורה.

יענעם טאָג איז דער שליח אָנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק מיט די אָפּגע־ברענטע פאַרמעטן וועלכע זענען אַרויס געראַטעוועט געוואָרן פון פייער.

ווען דער דאָרפסמאַן איז אַריין צום רב אין שטוב, איז דער אינגל רבי יהושע לייב אַרויסגעקומען און איהם געפרעגט וועגן וואָס ער דאַרף דעם רב. דער שליח האָט איהם דערצעהלט די גאַנצע פאַסירונג, וועגן דעם פייער וואָס האָט אויסגעבראָכן אין נאָהנטן דאָרף און וועגן דער גרויסער אומגליק מיט די פאַרברענטע ספרי תורה.

ווען רבי יהושע לייב האָט עס דערהערט איז ער געוואָרן ממש דערציטערט און באַלד אַריינגעפיהרט דעם דאָרפסמאַן צום פאָטער.

דער דאָרפסמאַן האָט געעפנט די טיהר פון אינעווייניגסטען צימער, רבי בנימין האָט אויפגעהויבן די אויגן פון דעם ספר וואָס איז געלעגן פאַר איהם און זיין בליק איז געפאַלן אויף די אָפּגעברענטע פאַרמעטן וואָס זענען געלעגן אין דעם דאָרפסמאַנ׳ס האַנד. מיט אַמאָהל גיט זיך רבי בנימין אַ וואַקל און ציהט זיך אויס אויף דער ערד אין טיפער חלשות.

די תלמידים מיט די הויז געזינד האָבן זיך שנעל אַ לאָז געטהון איהם צו ראַטעווען און נאָך פיהל מיה האָט ער ענדליך זיך צוריק געקעהרט צו זיין באַוואוסטזיין און צוביסלאַך געקומען צוריק צו זיינע קרעפטן, ערשט דאַן האָט ער גענומען באַהאַנדלען די פראַגע.

— פון יענעם פאַסירונג אָן — פלעגט רבי יהושע לייב פאַרענדיגן זיין ערצעהלונג — האָב איך געזעהן אַז עס איז ווירקליך דאָ אַ גרויסער אונטערשייד צווישן מיר מיט מיין פאָטער, און איך האָב מעהר קיין פאַראיבל נישט געהאַט...

## מתיר נדר געווען

ווי גרויס עס איז געווען רבי בנימין׳ס צדקות, אַזוי גרויס איז אויך געווען זיין עניוות.

ווען רבי בנימין איז געווען רב איז לאָמזשע, האָט זיך דאָרטן געפונען אַ תלמיד חכם וואָס האָט אַ נדר געטהון ער זאָל זיך שטענדיג געפינען אין בית

מדרש און קיינמאָהל פון דאָרט נישט אַרויסגעהן. די אָרטיגע אייזנוואַוינער האָבן געהאַט דערפון גרויס עגמת נפש. טאָג טעגליך פלעגט מען איהם אָוועקפיהרן עסן אין בית מדרש, ביז מען איז ענדליך פאַרמאַטערט געוואָרן, ווייל דער יאָך איז אויף זיי געפאַלן זייער שווער, בעזונדער אין די טעג פון שבת און יום טוב, וואָרום קיין עירוב איז נישט געווען אין שטאָדט, און מען האָט נישט געקענט טראָגן און פאר איהם צושטעלן זיינע אַלע באַדערפעניש. די אייזנוואַוינער האָבן זיך געמאַטערט צו געפינען אַ אויסוועג פון דעם דאָזיגן קלעם אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען, אָבער אָן ערפאָלג.

אין אַ טאָג איז דורך דער שטאָדט אַריבער געפאָהרן דער גאון רבי עקיבא איגער זצ״ל, פון א רייזע אויף צוריקוועגס פון אַ חתונה ביי זיינעם אַ קינד. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין שטאָדט און געגאַנגען מקבל פנים זיין דעם רב רבי בנימין׳ען.



רבי עקיבא איגער

רבי בנימין האָט זיך פאַר איהם אויסגערעדט וועגן זיין גרויסן צער אויף יענעם תלמיד חכם וואָס פייניגט זיך אַזוי שטאַרק און איז פאַרשפאַרט טאָג און נאַכט אין בית המדרש און טרעט נישט פון דאָרטן אַרויס.

צוליב דעם כבוד פון יענעם תלמיד חכם, האָבן ביידע גאונים מוותר געווען אויף זייער אייגענעם כבוד און דער כבוד פון זייער רבנות, און זיך געלאָזט צו איהם אין בית המדרש איהם צו באַזוכן.

ביידע גאונים זענען אויפגעשטאַנען און גענומען געהן צו יענעם בית המדרש; ווער עס האָט געזעהן די צוויי גאונים געהן האָט זיי אויך מיטבאַגלייט. אַזוי אַרום האָט זיך במשך דעם גאַנצן וועג געהאַלטן אין איין מעהרן די באַגלייטערס וואו אין שפיץ זענען געגאַנגען די צוויי גאונים.

זיי זענען אַריין אין בית המדרש, צוגעגאַנגען צו יענעם תלמיד חכם און צו איהם געזאָגט:

— מען האָט אונז דערצעהלט אויף איהם אַז ער איז זייער אַ גרויסער תלמיד חכם, און וויבאַלד ער האָט אַ נדר געטהון ער זאָל נישט פאַרלאָזן דעם בית מדרש, האָבן מיר באַשלאָסן צו קומען איהם בעזוכן.

דער דאָזיגער למדן האָט זיך גענומען זייער ערגערן וואָס צוליב איהם האָבן געדאַרפט אַזעלכע צוויי תורה לייכטער זיך מטריח זיין ביז אַהער. די צוויי גאונים האָבן באַמערקט זיין צער, זיי האָבן זיך דאַן געווענדעט צו איהם מיט אַ פראַגע:

— ווען ער וואָלט געוואוסט פאַראויס אַז מיר וועלן איהם דאַרפן קומען באַזוכן, וואָלט ער אויך דאַן געטהון זיין נדר?

— חס וחלילה — האָט יענער תלמיד חכם זיך גענומען פאַרענטפערן — ווי וואָלט איך געוואַגט צו מטריח זיין אַזעלכע צוויי גאונים, עס איז קיין שום ספק נישטאָ אַז איך וואָלט דאַן אויף מיר דעם נדר נישט גענומען.

— אויב אַזוי — האָבן ביידע גאונים אויסגערופן — איז "מותר לך, מותר לך, מותר לך".

דער באַגלייטענדער גאַנצער עולם האָט אויך מיטגעהאַלטן און אַזוי אַרום איז דער תלמיד חכם באַפרייט געוואָרן פון זיין נדר.

## א קליינע באמערקונג

ווידער האָט אַמאָהל פאַסירט און איינער פון די בעלי בתים פון זיין שטאָדט, אַ פּשוטער איד אַ סוחר, איז אַמאָהל אַריינגעקומען צו רבי בנימין'ען אין אַ שבת און מיט איהם געשמועסט וועגן פאַרשידענע ענינים. אַזוי שמועסנדיג דערצעהלט איהם דער סוחר אַז מאָרגן קלעהרט ער צו פאָהרן אין אַ נאָהנטן שטעדטל און ערשט אין עטליכע טעג אַרום וועט ער זיך אומקעהרן אַהיים.

דער דאָזיגער איד האָט געשמועסט וועגן זיין נסיעה און רבי בנימין איז די גאַנצע צייט געזעסן און געשוויגן, נאָר יעדעס מאָהל ווען דער דערציילער האָט דערמאָנט אין זיין שמועס דאָס וואָרט "פאָהרן", האָט רבי בנימין פאַרראָכטן זיינע רייד און שטילערהייט אַ זאָג געטהון "געהן". דער סוחר האָט געזאָגט אַז מאָרגן קלעהרט ער צו "פאָהרן" צו יענעם שטעדטל און רבי בנימין האָט פאַרראָכטן און געזאָגט "געהן", ווידער זאָגט יענער אַז פון יענעם שטעדטל וועט ער דערנאָך "פאָהרן" און רבי בנימין פאַרריכט איהם ווייטער און זאָגט "געהן". אַזוי איז פאַרגעקומען אייניגע מאָל. אָבער נישט דער סוחר וואָס האָט געשמועסט און נישט די אַנדערע אַנוועזנדע האָבן געלעגט אויפמערקזאַמקייט אויף די דאָזיגע באַמערקונג.

אויף מאָרגן האָט זיך דער סוחר אַוועק געלאָזט צו די סטאַנציע וואו עס געפינען זיך די וועגענער כדי צו פאָהרן צו זיין ציהל. ווען ער איז אָנגעקומען אין דער סטאַנציע האָט ער אויסגעפונען צו זיין גרויס פאַרלעגנהייט אַז דער וואָגן אויף וועלכן ער האָט זיך געריכט צו פאָהרן האָט פאַרלאָזן די סטאַנציע אינגאַנצן מיט עטליכע מינוט צוריק. האָט ער זיך אַוועק געלאָזט צופוס כדי דעריאָגן דעם וואָגן אין דער צווייטער סטאַנציע, אָבער ווי נאָר ער איז אַהין אָנגעקומען האָט שוין דער וואָגן געהאַט פאַרלאָזן אויך די צווייטע סטאַנציע. האָט ער באַשלאָסן זיך צואיילן און געהן ביז דער דריטער סטאַנציע וואו ער האָט געהאָפט צו דעריאָגן דעם וואָגן. אָבער קומענדיג צו דער דריטער סטאַנציע האָט שוין דער וואָגן געהאַט פאַרלאָזן אויך יענע סטאַנציע. ווען ער האָט געזעהן אַז מעהר ווי העלפט וועג האָט ער שוין דורכגעמאַכט צופוס, האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן די איבעריגע וועג אויך מיט די פיס.

ווען ער איז אָנגעקומען צו דעם דאָרף וואו זיין ציהל איז געווען, האָט ער זיך דערמאָנט דעם נעכטיגן שמועס זיינעם מיטן רב. ערשט יעצט איז איהם געוואָרן אויפפאַלנד ווי אַזוי דער רב האָט איהם געהאַלטן אין איין פאַרריכטן זיינע אויסדריקן און ער האָט עס גאָרנישט אויפגעמערקט. זיין התפעלות האָט געוואַקסן פון מינוט צו מינוט.

קומענדיג צוריק אין שטאָדט איז ער באַלד אַריין צום רב און איהם דערצעהלט מיט גרויס גערירהטקייט ווי אַזוי זיינע נעכטיגע ווערטער זענען פולקאָם מקויים געוואָרן. ער האָט פאַרשפעטיגט דעם וואָגן און ענדליך איז איהם אויסגעקומען דורך צו מאַכן די וועג צופוס.

רבי בנימין מיט זיין גרויס עניוות האָט אָבער דערויף באַמערקט:

— איך האָב געהערט ווי דו דריקסט זיך אויס אַז מאָרגן וועסטו "פאָהרן", און לויט ווי עס ווערט געפסקנט אין שולחן ערוך (או"ח סי' ש"ז) זיינען אַזעלכע רייד אָסור צו ריידן שבת, דאָס איז געוועזן מיין כוונה דערמיט וואָס איך האָב פאַרראָכטן דיינע רייד, נישט מעהר . . .

## א וואו איז דער צווייטער

מען דערצעהלט אַז אַמאָהל האָט פּאַסירט ווען רבי בנימין איז געגאַנגען אינדערפרי צום דאַוונען, האָט ער אַנגעטראָפען אַ אידישן טרעגער וועלכער פאַלט ממש פון די פיס צוליב די שווערע משא וואָס ער האָט געטראָגן, האָט רבי בנימין אַראָפּ גענומען די משא פון יענעמס פּלייצע, עס אָנגעלאָדנט אויף זיינע, און צוגעטראָגן ביז דעם אָרט וואו יענער האָט עס געוואָלט אוועקפיהרן.

*

איינמאָהל זיינען געקומען צו רבי בנימין'ען צוויי רייכע שותפים און איינגעלעגט ביי איהם אַ גאַנץ גרויסע סומע געלד. אין אַ צייט אַרום איז געקומען צו איהם איינער פון די שותפים און איהם דערצעהלט, אַזוי ווי עס האָט זיך איהם יעצט געמאַכט אַ געלעגנהייט צו מאַכן אַ גוטן געשעפט צו וועלכן עס פאַדערט זיך אַ גרויסע סומע מיט געלד, דעריבער בעט ער דעם רב, ער זאָל איהם אויסלייען פון די געלד וואָס ער מיט זיין שותף האָבן ביי איהם איינגעלעגט און ער האָפט אַז ביז אַ וואָך צייט וועט ער אומקעהרן די פוהלע סומע צוריק צום רב אין האַנד.

— ליידער — האָט איהם דער רב געענטפערט — קען איך אייער בקשה נישט ערפיהלן.

— דער רבי האַלט מיר נישט פאַר קיין אָרענטליכן מאַן — האָט ער זיך גענומען בייזערן — איז דען מיין וואָרט קיין וואָרט נישט?! האָט עס ביים רב גאָר קיין ווערדע נישט?!

— חס וחלילה — האָט איהם רבי בנימין בערוהיגט — איהר זענט ביי מיר זייער באַגלויבט, אָבער וואָס קען איך טהון אַז דיין שותף האָט דיר שוין מקדים געווען און געקומען צו מיר נעכטן אין אָוונד מיט די זעלבע בקשה, וואָס זאָל איך יעצט טהון?

— אָבער רבי — האָט דער שותף גענומען שרייען און ליאַרמען — ווי אַזוי האָט איהר זיך געמעגט ערלויבן אַזוינס צו טהון? מיין שותף איז דאָך געקומען אָן מיין וויסן, ווי אַזוי זשע האָט איהר איהם געקענט אַרויס געבן דעם פקדון?!

— בערוהיג זיך, מיין קינד — האָט איהם רבי בנימין געענטפערט מיט אַ שמייכל — איך האָב דען געזאָגט דאָס איך האָב איהם אַוועק געגעבן דאָס געלד? איך וועל עס קיינמאָהל נישט טהון! דאָס געלד וואָס איך האָב באַקומען פון אייך ביידן צוזאַמען וועל איך נישט אומקעהרן סיידן איהר וועט קומען ביידע צוזאַמען עס אָפּנעהמען!

דער דאָזיגער שותף האָט אַראָפּגעלאָזט די קאָפּ פאַרשעמט. ער האָט יעצט געזעהן די גרויסע עהרליכקייט פון דעם רב און איהם געבעטן מחילה.



א געסל אין צפת



דער וועג וואס פיהרט צום בית הקברות אין צפת



דער בית הקברות אין צפת



דער בארג פון דעם בית הקברות אין צפת
אין מיטן: דער אוהל אויפן ציון פון הושע בן בארי
דער בריק פיהרט צו דער מקוה פון האר"י הקדוש






דער ציון פון האר״י הקדוש

נעבן דעם: דער ציון פון המקובל רבי שלמה אלקבץ



די שוהל פון אר"י הקדוש

אויסער דעם וואָס רבי בנימין איז געווען גרויס אין תורה און מדות טובות, איז ער געווען אַ מושלם אין אַלע חכמות וואָס פאָדערן זיך צו פאַרשטעהן די הייליגע תורה. בעזונדער האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין זיין קענטעניס פון חכמת התכונה.

עס איז צו באַמערקן אַז רבי בנימין האָט מחבר געווען אַ פירוש וועגן תכונה אויף צוויי פרקים פון פרקי דרבי אליעזר, זיי זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן נישט אָנגעבנדיג ווער עס איז דער מחבר.

*

רבי בנימין האָט זיך אַזוי שטאַרק געהייליגט אַז ער האָט גאָר נישט געקענט פאַרשטעהן ווי קען עס אַ מענטש לעבן נישט על פי תורה. ער פלעגט זאָגן, דאָס ווען מיר וואָלטן נישט געזעהן קיין רשע מיט די אויגן, וואָלטן מיר גאָרנישט געקענט גלויבן אַז עס קען זיך גאָר געפינען אַזאַ איינער...

רבי בנימין איז שטענדיג געווען געוואוינט צו זאָגן: צו לעבן אַפילו אַ קליינע ווילע נישט לויט די הלכה, איז דער טויט שוין בעסער.

*

די שטאָדט לאָמזשע האָט זיך ענדע מתקנא געווען אין הוראָדנא און וואָלקאָוויסק, וואו רבי בנימין האָט געווירקט אַלס רב און אב בית דין, און איהרע איינוואוינער איז ענדליך געלונגען איהם צו באַקומען ביי זיי אין שטאָדט אַלס רב. אָבער לאַנג איז דאָרטן רבי בנימין נישט געווען און די שטאָדט לאָמזשע האָט פאַרלוירן איהר קרוין אין חודש אדר פון יאָהר תר״ד, צום באַדויערן פון דעם גאַנצן כלל ישראל.

נאָך דער הסתלקות פון דעם דאָזיגן גרויסן ליכט, האָבן זיך זיינע פיהל תלמידים צושפרייט און יעדערער איז אַוועק צו זיין שטאָדט, מיטברענגענדיג מיט זיך זיין גרויסע גייסטיגע ירושה, אַ פוהלער באַגאַזש מיט תורה און קדושה, חכמה און מדות טובות, וואו אַ גרויסער טייל פון די תלמידים זענען שפּעטער אויפגענומען געוואָרן אויף רבנות שטעלעס אין גרויסע און חשובע קהלות.

*

יאָהרן זענען אַריבער. די אידן אין ליטא זענען דורכגעגאַנגען פאַרשידענע געשעהענישן און אויפטרייסלונגען, אָבער די פייערדיגע צוגעבונדנקייט פון די תלמידים צו זייער באַליבטן רבי׳ן האָט זיך נישט אויסגעלאָשן. זיין לויטערע תורה האָט באַלויכטן זייער וועג יאָהרן לאַנג נאָכדעם וואָס ער האָט זיך פון זיי געשיידט. זיינע פסקים, זיין טאָג טעגליכע פיהרונג, האָט געדינט אַלס לייכט טהורם און וועג ווייזער פאַר די אַלע וואָס האָבן זיך אַמאָהל געפונען אין זיין מחיצה, און געגאָסן פון די הייליגע שיין וואָס האָט פון איהם אַרויסגעשטראַלט.

אַ מוסטערהאַפטיגע לערע ווי ווייט עס האָט דערגרייכט די מאָס צוגעבונדנ־קייט פון די תלמידים צו זייער רבי׳ן, קען אונז דינען דער פאַקט פון דעם גאון

רבי יצחק אלחנן זצ״ל, וועלכער האָט יונגערהייט געלערנט ביי רבי בנימין׳ען, און שפּעטער אויפגענומען געוואָרן אַלס קאָוונער רב, ווען ער האָט געהאַט פאַרענדיגט זיין אויסגעצייכנטער ספר ״באר יצחק״, האָט ער עס נישט געלאָזט דרוקן ביז וואַנען ער איז געפאָהרן קיין לאָמזשע, זיך משתטח זיין אויפן הייליגן ציון פון זיין רבי׳ן און בעטן ביי איהם ערלויבעניש צו דרוקן דעם ספר.

עס ווערט דערצעהלט אַז בשעת רבי יצחק אלחנן איז געלעגן אויפן הייליגן ציון פון זיין רבין און פארגאסן מיט טרערן, האָט ער זיך דאַן דערמאָנט אלע חידושי תורה וואָס ער האָט געלערנט ביי זיין גרויסן רבין אין וועלכע ער דערמאָנט זיי אין ספר אין זיין נאָהמען.

— איצט — האָט רבי יצחק אלחנן אויסגערופן מיט גרויס פרייד — ווייס איך זיכער, אז מיין רבי האט מיר ערלויבט צו פארעפנטליכן זיינע חידושים און ער האָט מיר יעצט אויך געגעבן זיין הסכמה.

*

יאָהר נאָך יאָהר, אין דעם טאָג פון רבי בנימין׳ס יאָהרצייט, זענען די תלמידים געקומען זיך משתטח זיין אויפ׳ן ציון פון זייער גרויסן רבי׳ן אין לאָמזשע, און דעריבער האָט מען אויך אויפגעשטעלט אַ אוהל אויף דעם ציון.

אויסער די תלמידים, האָט מען דאָרטן געקענט טרעפן אידן, פּאָרווייטאָגטע און פערביטערטע, וועלכע זענען געקומען אויסגיסן זייער שווערע האַרץ און בעטןביים גרויסן נפטר ער זאָל זיין פאַר זיי אַ מליץ יושר.

און צווישן דעם עולם וואָס האָט זיך משתטח געווען אויפן ציון, האָט אַרויס געשיינט מיט דער גאַנצער פּראַכט די געשטאַלטן פון די פיהר טענענבוימער וואָס רבי בנימין האָט פאַרפלאַנצט, זיינע פיהר זיהן, די גאונים און צדיקים, וואו יעדערער פון זיי האָט באַזיצט אַ פּראַקטיגע רבנות שטעלע. אַ קורצער אַיילעגער בליק אויף דער געזיכט פון די דאָזיגע פיהר ברידער, האָט געגעבן אַ קלאָהרן בעגריף אויף דער געשטאַלט און פּערזענליכקייט פון זייער גרויסן טאַטן, פון וועמענס תורה און צדקות עס האָבן געציטערט די גדולים פון זיין דור.

## דער שרעקליכער וידוי

מיר וועלן ענדיגן דאָס קאַפּיטל פון רבי בנימינ׳ען מיט אַ מורא׳דיגע מעשה וואָס איז פאַרגעקומען ביי איהם, וועלכע עס האָט דערצעהלט דער שפּעטער׳דיגער ירושליימער רב, דער גאון רבי אליהו דוד רבינוביץ תאומים זצ״ל, בעקאַנט מיטן נאָהמען ״אדרת״ (ראשי תיבות: **א**לי׳ **ד**וד **ר**בינוביץ **ת**אומים).

און אַזוי האָט דער ״אדרת״ דערצעהלט:

דער רב פון הוראַדנא, הגאון ר׳ בנימין דיסקין זצ״ל, האָט אָנגעפיהרט דאָס רבנות פון שטאָדט מיט גרויס קלוגשאַפט און זיך פערשאַפט גרויס כבוד פון

די גאַנצע שטאָדט־לייט, אַלע האָבן געהאַט פאַרן רב גרויס רעספּעקט און פּיהל דרך ארץ. די מיטגלידער פון דעם בית־דין פון שטאָדט זענען געזעסן בקביעות אין דעם רב׳ס שטוב און זיי האָבן געהאַט אַ בעזונדער צימער וועלכער האָט זיך געגרעניצט מיטן צימער פון רב. די אַלע שאלות און דיני תורות פון שטאָדט פלעגט מען פאָרלעגן פאר דעם בית־דין, און טאָמער איז עס געווען אַ שווערער ענין ביי וועלכן דאָס בית־דין האָט זיך נישט געקענט באַשליסן, פלעגן זיי דאַן אַריינגעהן צום רב, אַדורכרעדן זיך מיט איהם און הערן זיין מיינונג, וועלכע איז געווען אין זייערע אויגן הייליג און טייער. אויסער די בית־דין מיטגלידער פלעגט כמעט קיינער נישט קענען אַריינגעהן צום רב, סיידן ווען דער בית־דין האָט איהם דערויף ערלויבט און ווען זיי האָבן באַשלאָסן אַז נאָר דער רב קען דערויף ענטפערן.



רבי אליהו דוד רבינוביץ תאומים

אין אַ טאָג האָט זיך דערנענטערט צום רב׳ס שטוב א שיינער אויסגעפּוצטער וואָגן פון וועלכן עס איז אַראָפּגעשטיגן אַ עלעגאַנט געקליידעטע פרוי, וואָס האָט געמאַכט א ווירדיגן אייַנדרוק. די פרוי האָט זיך פאָרגעשטעלט ביים בית דין אַלס

נישט קיין היגע, זי וואוינט אין פרוסיע און צוליב גאַר א וויכטיגן ענין איז זי געקומען אַהער, וועלכן זי קען עס נישט פערטרויען נאַר פאַרן רב זעלבסט.

דער רב איז דאַן געזעסן ווי זיין שטייגער, נעבן אַ טיש אָנגעלעגט פוהל מיט ספרים און זיך פאַרטיפט אין לערנען. די פרוי האָט זיך געשטעלט קעגנאיבער דעם טיש און מיט גרויס הכנעה געבעטן ערלויבעניש צו דערצעהלן וועגן וואָס זי איז אַהער געקומען. פאַר אַלעס, האָט זי געזאָגט, וויל זי דעם רב מודיע זיין, אַז כאָטש זי וואוינט יעצט אין דייטשלאַנד, רעכנט זי זיך צווישן די גאַר פרומע פון איהר שטאָדט און איהר שטוב פיהרט זיך בתכלית הכשרות, ווי עס קען גאַר בעסער נישט זיין. שטילערהייט האָט זי צוגעגעבן, דאָס זי איז די טאָכטער פון דעם מחבר פון דעם מורא׳דיגן העצע־בוך ״נתיבות עולם״ פון וועלכן דער רב האָט שוין לאַנג געהערט.

וואָס פאַר אַ ספר איז עס געווען דער ״נתיבות עולם״ ?

אין דער שטאָדט לאָנדאָן איז פּלוצלונג ערשיינען אַ בוך אין פינף בענדער, וועלכער עס האָט אַרויסגעגעבן איינער אַ משומד, אַ שונא ישראל. דעם נאָהמען פון בוך האָט ער גערופן ״נתיבות עולם״. דער דאָזיגער בוך איז געווען פוהל מיט פאַרדאָרבענע בלבולים און חרופים וגדופים אויף די תורה הקדושה, סיי אויף תורה שבכתב סיי אויף תורה שבעל פה, סיי אויף דעם אידישן פאָלק און סיי אויף דאָס גאַנצע אידישקייט. דער דאָזיגער בוך איז געשריבן געוואָרן אַזוי גיפטיג און מיט אַזאַ פאַרדאָרבענע און שענדליכע שפּראַך אַז עס האָט ממש צושוידערט יעדערן וואָס האָט עס געלייענט.

דער דאָזיגער בוך איז געדרוקט געוואָרן אויף לשון קודש און אויך אויף ענגליש און איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין גאַנץ ענגלאַנד. באַלד נאָך זיין ערשיינען האָט עס שרעקליך אויפגערודערט און אויפגעקאָכט דאָס ענגלישע אידנטהום און זיי האָבן צונויפגערופן צו אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אין דער אָנוועזנהייט פון דעם באַוואוסטן אידישן שתדלן און נגיד ר׳ משה מאָנטיפיאָרי, וועלכער האָט זיך דאַן געגרייט צו פאָהרן קיין דמשק און זיך משתדל זיין ביי דער דאָרטיגער מאַכט אָפּצורופן דעם שענדליכן בלוט־בלבול וואָס עס האָט זיך דאָרטן פאַרפּלאָנטערט און צוליב וועלכן פיהל אידן האָבן געשמאַכט אין די טורמעס. פון דמשק האָט משה מאָנטיפיאָרי געזאָלט פאָהרן קיין רוסלאַנד און זיך משתדל זיין ביים צאַר ניקאָלאַי ער זאָל אָפּרופן די שרעקליכע גזירות וואָס זיי האָבן אויסצושטעהן און לייכטער מאַכן די אידן דעם געפּלאָגטן לעבן וואָס זיי האָבן געלעבט אונטער זיין הערשאַפט.

אין די דאָזיגע שטורמדיגע פאַרזאַמלונג וואו דער עולם איז געווען שרעקליך אויפגעקאָכט, ווי אַזוי איינער וואָס האָט געהערט צום אידישן פאָלק, האָט געקענט האָבן אַזאַ האַרץ אַזוי צו דערנידערן און פאַרשמוצן דאָס אידישע פאָלק מיט זיין תורה, איז געבליבן אז משה מאָנטיפיאָרי, אויף זיין רייזע זאָל אויפזוכן אַזאַ איינעם וואָס האָט א געשליפענע פענע און פאַרמאָגט גרויסע ידיעות אין לערנען,

ער זאָל זיך קענען אונטערנעמען און פערפאַסן אַ בוך וואָס זאָל אָפּרופן די אַלע פאַלשע בלבולים און אויפווייזן זייער לעכערליכקייט.

און דער דאָזיגער פּערפאַסער פון שרעקליכן שענדליכן בוך "נתיבות עולם" איז געווען דער פאָטער פון די פּרוי וואָס איז יעצט געשטאַנען אין צימער פון גאון ר' בנימין דיסקין זצ"ל און דערצעהלט איהר לעבנס געשיכטע.

✶

— דער פאָטער איהרער — האָט די פּרוי אָנגעהויבן צו דערצעהלן פאַר דעם רב — איז געווען אין זיינע יונגע יאָהרן אַ מלמד דרדקי אין איינע פון די ליטווישע שטעדטלאַך פון וועלכן ער האָט געצויגן קוים אויף חיונה. מיטאַמאָל האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען אַז דער דאָזיגער מלמד פיהרט זיך לייכטזיניג אין פיהל אידישע זאַכן, און כאָטש ער איז געווען זייער אַ פעהיגער און טיכטיגער מלמד, האָבן די עלטערן אויפגעהערט צו איבערגעבן זייערע קינדער צו לערנען ביי דעם דאָזיגן מלמד. אַזוי אַרום איז ער געבליבן ווי אויפן וואַסער, און נישט געהאַט אפילו אויף קיין שטיקל ברויט. האָט ער דאַן גענומען דעם וואַנדער שטעקן און זיך ארויסגעלאָזט אויף דער גרויסער וועלט.

די ערשטע צייטן האָט ער נאָך ווי עס איז אַריינגעוואָרפן אַמאָל אַ בריף אין שטוב, אָבער מיט דער צייט האָט זיך אויך דאָס אָפּגעשטעלט און די פאַמיליע האָט נישט געוואוסט אַ וואו ער איז פאַרפאַלן געוואָרן. עס זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע קלאַנגען, אַז ער איז אַוועק קיין לאָנדאָן וואו ער האָט זיך באַהעפט מיט די מיסיאָנערן און ענדליך זיך אָפּגעשמדט. קיין קלאָרע זאַך האָט מען אָבער נישט געוואוסט. ווען עס איז אָבער ערשיינען די דאָזיגע פאַרזעהעניש אין אַ פאָרם פון אַ בוך, האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַז דער פאַרשוואונדענער מלמד, ער איז עס דער שענדליכער פּערפאַסער פון דעם דאָזיגן מיאוסן פּאַמפּלעט.

איהר מוטער, די פּרוי פון דעם דאָזיגן משומד, וועלכע איז פאַרבליבן אַ אָרעמע לעבעדיגע עגונה, האָט ערוועקט רחמנות ביי איהרע בעקאַנטע, וועלכע האָבן גענומען זאָרגן פאַר איהר עקזיסטענץ און מען האָט איהר אויפגעשטעלט אַ קרעמל פון וועלכן זי האָט זיך ערנעהרט און געשפּייזט אויך איהר, די איינציגע טאָכטער איהרע.

מיט דער צייט האָט זיך דער צושטאַנד פון דער עגונה פאַרבעסערט און זי איז רייך געוואָרן, זי האָט איהר שטוב געפיהרט עהרליך און פיין, און אויף דעם וועג אויפגעהאָדעוועט די טאָכטער. ווען זי איז עלטער געוואָרן, האָט זי איהר חתונה געמאַכט מיט גאָר אַ פיינעם יונגערמאַן, אַ למדן און אַ בעל מדות, וואו זיי זענען אַריבער וואוינען אין דייטשלאַנד און געבויט זייער שטוב אויף דעם גרונד פון תורה און יראה.

די גאַנצע צייט האָט זי, די איינציגע טאָכטער, זיך אָנגעשטרענגט אַרויסצוקלאַפּן פון איהר געדאַנק דעם אָנדענק פון איהר פאָטער, דער משומד און צורר

ישראל, ווייל טאַמער זי האָט זיך אַמאָהל דערמאָנט פון איהם פלעגט עס איהר זייער ווייטאָגן און שטעכן אין האַרץ.

ווי ערשטוינט איז די טאָכטער געוואָרן, ווען אין אַ טאָג באַקומט זי פּלוצלונג אַ בריף, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן דעם נאָהמען און אַדרעס פון איהר פאָטער דער משומד — איהר לעבנס שאַנדע. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע קרעפטן צו אײַנהאַלטן אין זיך דעם עקל וואָס זי האָט געפיהלט אין איהרע אַלע גלידער און זי האָט גענומען איבערלייענען דעם בריף וואו עס איז געווען געשריבן ווי פאָלגענדן:

״טייערע טאָכטער! איך ווייס גאַנץ גוט מיין נידריגע לאַגע און מיין ווערד אין דיינע אויגן ווי אויך אין די אויגן פון גאַנצן אידישן פאָלק. איך ווייס ליידער אויך מיינע שרעקליכע זינד וואָס איך האָב געזינדיגט קעגן ג־ט, זיין תורה און פאָלק אין מיינע אַלע לעבנס יאָהרן. וויסן זאָלסטו אָבער מיין טאָכטער, אַז ענדליך, נאָך דעם וואָס איך האָב געזונקען אין דעם טיפן אָפּגרונד פון דער טומאה, האָט זיך אין מיר ערוועקט דער אידישער פונק און מיר גענומען דריקן, דאָס חרטה־געוויסן עסט מיר אויף, דריקט מיר ביז גאָר און לאָזט מיר נישט צורוה. מיינע גוטע פריינד, די מסיתים און מדיחים, די מיסיאָנערן, וועלכע האָבן מיר צוגע־ברענגט צום דאָזיגן נידריגן צושטאַנד און ביי וועלכן איך בין געווען אַ נוציגע ווערק צו באַרעדן און באַשמוצן דאָס אידישע פאָלק, זיין תורה און ג־ט, זיי האָבן מיר דערנענטערט נאָר דאַן ווען איך בין געווען נוצבאָר פאַר זיי. ווען זיי האָבן אָבער גענומען מערקן אַז איך בין שוין נישט דער זעלבער עוכר ישראל, אַז דער אידישער פונק האָט זיך אין מיר צוריק צופלאַקערט, האָבן זיי מיר גענומען רודפ׳ן מיט די גרעסטע רדיפות ביז זיי האָבן מיר ענדליך פאַרטריבן פון זיי.

יעצט בין איך אַלט און קראַנק, אַ צובראָכענער שערבל אין גייסט און קערפער, פאַרלאָזט און פערשליידערט, איך האָב נישט קיינעם צו וועמען איך זאָל מיך ווענדן צו הילף, איך האָב נישט קיין אָרט וואו דעם קאָפּ צושפאַרן, בעט איך דיר, טאָכטער מיינס, האָב רחמנות אויף דיין אַלטן פערלאָזענעם טאַטן, העלף מיר אַרויס אין מיין שרעקליכן נויט, איך פאַרלאַנג פון דיר נישט מעהר ווי א קליינינ־קייט, איך זאָל געפינען ביי דיר אין הויז אַ שטיקל ווינקל אָנצושפאַרן מיין קאָפּ און אויסלעבן מיינע יאָהרן וואָס ג־ט האָט מיר נאָך געשאָנקען״.

— דער דאָזיגער בריף האָט מיר זייער צוטומלט, און נאָכדעם וואָס איך האָב וועגן דעם איבערגערעדט מיט מיין מאַן, האָבן מיר באַשלאָסן איהם צו שרייבן פאָלגענדער ענטפער:

״מיר זענען גרייט איהם אויפנעמען ביי אונז, מיטן בעדינג, אַז ער זאָל זיך צוריק אָנטהון מיט אידישע קליידער און באַקומען אַ אידישע צורה. אויך ווילן מיר אַז די גאַנצע צייט וואָס ער וועט זיך ביי אונז אויפהאַלטן זאָל ער מיט קיין

מענטש קיין פאַרקער נישט האָבן, כדי ער זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן נישט ווילנדיג וועגן זיין פאַרגאַנגנהייט און אונז פאַרשאַפן גרויס שאַנדע".

דער אַלטער האָט אויסגעפיהרט אַלעס וואָס זיי האָבן ביי איהם געבעטן און מיט אַ האַרץ פוהל מיט חרטה און געוויסן־ביסנס, ווען די טרערן שטיקן איהם דאָס האַלז די גאַנצע וועג און ער האַלט זיך איין כדי די מיטפאָהרער זאָלן נישט באַמערקן זיין גרויסן ווייטאָג — איז ער ענדליך אָנגעקומען צו די טאָכטער אין הויז.

ווי נאָר ער האָט געעפנט די טהיר, האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערליכן געוויין. טייכן טרערן האָבן געפלייצט פון זיינע אויגן ביז ער איז אַנידערגעפאַלן אָנמאַכט אין חלשות.

די הויז מענטשן האָבן איהם געמינטערט און אַוועקגעפיהרט צו דעם צימער וואָס זיי האָבן פאַר איהם באַשטימט. דער אַלטער איז זיך געלעגן איינזאַם אויף זיין בעטל, עס האָט איהם געשווינדלט די קאָפּ, דאָס האַרץ האָט איהם שרעקליך געדריקט, און פון די אויגן האָט נישט אויפגעהערט צו פליסן טרערן. ער האָט עפּעס געהאָט ווי אַ פאַרגעפיהל אַז דערמיט וואַשט ער אָפּ זיינע פיהל שרעקליכע זינד וואָס ער איז באַגאַנגען אין זיין לעבן.

וואָס אַ טאָג שפּעטער, אַלס מעהר איז דער אַלטער איינגעדאַרט געוואָרן. זיינע זינד וואָס ער איז באַגאַנגען האָט איהם ממש אויפגעפרעסן און ער האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען, ער האָט זיך געשעמט צו קוקן די טאָכטער מיטן איידעם אין פּנים אַריין, פון אינדערפרי ביז ביינאַכט איז ער געזעסן ביים פענסטער און זיך צוגעקוקט צו די טשוויטשענדע פייגאַלאַך און די פייגאַלאַך, ווי נאָר זיי פלעגן אויף איהם אַ בליק טהון האָט זיי אַ ציטער אָנגעכאַפּט און זיי זענען זיך באַלד צופלויגן, ווי זיי וואָלטן געוואוסט זיין שרעקליכע פאַרגאַנגנהייט.

פון מאָל צו מאָל פלעגט ער זיך נעמען אַרומדרייען איבערן צימער און זיינע ליפּן פלעגן שעפּטשען מיט גרויס ציטערניש די ווערטער: "ולפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון", און עס פלעגט איהם נעמען ציטערן דאָס גאַנצע לייב. אַ שוויס האָט איהם דאַמאָלס באַדעקט און פאַר זיינע אויגן האָט געגומען אויפ־שווימען זיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע. דאַן פלעגט ער נעמען ביטערן און יאָמערן מיט שרעקליכע קולות, ביז ער פלעגט אַנידערפאַלן אָנמאַכט אויף זיין בעט, און אַריינשטופּן די קאָפּ אין קישן, שעמענדיג זיך אויפצוהויבן די אויגן אויף די ווענד און די שטוב זאַכן וואָס געפינען זיך אין צימער.

*

עס איז געווען אין די אלול טעג, ווען דער אַלטער האָט דערשפּירט אַז זיין סוף דערנענטערט זיך און זיינע טעג זענען געציילטע, האָט ער אַריינגערופן צו זיך זיין טאָכטער און איידעם און מיט אַ שוואַכע, קוים הערבאַרע שטים, האָט ער צו זיי געזאָגט:

— טייערע קינדער, איך וויל אײַך איבערגעבן אַ צוואת שכיב מרע, דורך וועלכן איך וויל אויך האָפן אַז מיט די שווערע משא פון מיינע שרעקליכע זינד וועל איך נאָך אפשר געפינען פאַר מיר אַ מליץ יושר אויף דער וועלט, נאָכדעם וואָס איהר וועט איבער דערצעהלן מיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע פאַר איינעם פון די גדולי און צדיקי הדור.

— וויסן זאָלט איהר, מיינע טייערע, אַז אונזער פאַמיליע שטאַמט פון דער שטאָדט אַלטונא. אין די יונגע יאָהרן פון מיין פאָטער איז דעמאָלס געווען רב אין אַלטונא דער באַוואוסטער גאון און צדיק רבי יהונתן אייבשיץ זצ״ל, בעקאַנט אויף דער וועלט אלס ״ר׳ יונתן פּרעגער״. עס איז אויך בעקאַנט אַז דער גאון רבי יעקב עמדין זצ״ל האָט אויפגערודערט די וועלט אין זיין גרויס קנאות, וואָרפנדיג אַ פערדאַכט אויף ר׳ יונתן אַז ער האָט אַ פאַרקעהר מיט די שבתי צבי׳ניקעס שר״י.



רבי יהונתן אייבשיץ

דער גאון ר׳ יעקב עמדן האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב אַ בעזונדער מנין, ווייל די פרנסים פון דער שטאָדט אַלטונא האָבן איהם נישט ערלויבט צו דאַווענען אין דער גרויסער שוהל וואו עס האָט געדאַוונט דער רב פון שטאָדט, כדי עס זאָל

נישט קומען צו קיין סקאַנדאַלן. ביי ר׳ יעקב עמדן אין מנין פלעגן זיך צונויפ־קלייבן אויך אַזעלכע אידן, וועלכע האָבן געהאַט אַ פערדרוס אויפן רב און געהאַט די געלעגנהייט אויסצונוצן די מחלוקת פון רבי יעקב עמדן אויפן רב פאַר זייער פערזענליכן נוצן. צווישן די מתפללים פון דעם מנין איז געווען אויך מיין פאָטער, און וויבאַלד ער האָט פאַרמאָגט אַ אויסגעצייכנטער טאַלאַנט אין שרייבעריי, האָט ער פיהל מיטגעהאָלפן אין דער מחלוקת, פערפאַסנדיג ביכלאַך מיט קונטרסים וועלכע האָבן געלעסטערט און פאַרשעמט דעם רב, און געווען ווי אויל אויפן פייער.

איינמאָל האָט מיין פאָטער פערפאַסט אַ נייעם קונטרס וועלכן ער האָט אַ נאָהמען געגעבן ״עקיצת עקרב״. דעם טאָג וואָס דער דאָזיגער קונטרס איז געענדיגט געוואָרן איז געווען פונקט דעם טאָג וואָס מיין ברית איז פאָרגעקומען. אַלע מתפללים פון דעם מנין האָבן צוגעוואונטשן מיין פאָטער אַ טאָפּעלען מזל טוב, צוליינגדיג, אַז זיי זעהען אין דעם אַ גוטן סימן וואָס דער טאָג פון מיין ברית איז אויסגעפאַלן פונקט אין דעם זעלבן טאָג וואָס דער דאָזיגער קונטרס איז פערטיג געוואָרן. אויך דער גאון רבי יעקב עמדן האָט אויפגעהויבן זיינע הענד און אויסגערופן:

— איך ווינטש אַ מזל טוב פאַר אונזער טייערער מחבר, דער דרייסטער קעמפער. איך בעט ג־ט אַז אין דעם זכות זאָל דער קינד אויפוואַקסן און זיין פונקט פאַרקערט ווי דער מענטש (דער גאון ר׳ יונתן אייבשיץ) קעגן וועמען דער דאָזיגער קונטרס איז געצילט, און זיינע עלטערן וועלן זיך מיט איהם גרויסן!

— אָמן! — האָט דער גאַנצער עולם אויסגעשריגן.

עס איז נישט פאַרצושטעלן די גרויסע שמחה וואָס האָט געהערשט אויף דער סעודה פון דעם ברית. אַלטונא האָט נאָך, זינט זי עקזיסטירט, אַזאַ פריילאַכע ברית מילה סעודה נישט געזעהן.

ווען מען האָט שפּעטער דערצעהלט פון דאָזיגן ברית פאַרן רב, דער גאון ר׳ יונתן אייבשיץ זצ״ל און פון די ברכה וואָס דאָס קינד האָט בעקומען, האָט זיין געזיכט גענומען פלאַמען און ער האָט אויסגערופן:

— אָמן, הלואי!...

אַ טיפער קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלטנ׳ס האַרץ און ער האָט דערנאָך ווייטער געזאָגט:

— יעצט ווייסט איהר שוין מיינע טייערע, די ענטשיידונג אויף דער רעטעניש פון מיין נידעריגן לעבן. דאָס איז דאָך געוויס, אַז ביידע, סיי דער גאון רבי יעקב עמדן און סיי דער גאון רבי יהונתן אייבשיץ זענען געווען צדיקים, קדושים וטהורים, און וויבאַלד אַז זיי האָבן מיר געבענטשט אַז איך זאָל אויסוואַקסן פאַרקערט ווי דער צדיק ר׳ יונתן, איז עס פונקטליך מקוים געוואָרן. עס האָט מיר געצוואונגען ווי מיט אַ העכערער קראַפט איך זאָל זינקען אין שאול תחתית אַריין. און כאָטש איך טראַכט גאָרנישט אַז דאָס וועט מיר פטר׳ן פון אָפּגעבן אַ דין

וחשבון אויף מיינע זינד און באַקומען דעם געהעריגן שטראָף, דאָך בין איך זיכער אַז עפּעס אַ פאַרלייכטערונג וועט עס מיר ברענגען, וואָס די דאָזיגע ברכה איז ביי מיר פאַרקערפּערט געוואָרן פאַר א קללה און פאַרפינסטערט דעם לעבן אויף די וועלט און יענע וועלט. אויב דו וועסט דאָס אַלעס דערצעהלן פאַר איינעם פון די צדיקי הדור און ער וועט עס דערהערן און מתפלל זיין פאַר מיין זינדיגע נשמה, האַף איך, אַז נאָכדעם וואָס מיין פאַרשטויסענע נשמה וועט באַקומען די אַלע שטראָפן וואָס איהר קומט ווירקליך, לויט מיינע שענדליכע און נידריגע מעשים, וועט זי סוף כל סוף האָבן אַ תקון און צוקומען צו איהר מקום מנוחה, ווי דער אויבערשטער האָט צוגעזאָגט פאַר די פושעי ישראל, דאָס אויך זיי זאָלן נישט אינגאַנצן פאַרשטויסן ווערן, "לבל ידח ממנו נדח".

ווען דער אַלטער האָט געענדיגט זיינע רייד, איז ער אַנידערגעפאַלן אויפן בעט אָנמאַכט, און אַזוי געלעגן אַ שטיקל צייט. פּלוצלונג האָט ער זיך געגעבן אַ הויב אויף, און זיינע אויגן האָבן געקוקט שרעקליך אַרום זיך, ווי איינער זוכט זיך צו אָנהאַלטן אין אַ רעטונגס ברעט, ער האָט גענומען מורא׳דיג שרייען און ברומען: געוואַלד, געוואַלד!

— וואָס איז דיר, פאָטער? — זענען די טאָכטער מיטן איידעם צוגעלאָפן צום אַלטן, דערשראָקענע.

— אוי לי מיום הדין, אוי לי מיום התוכחה! — האָט דער אַלטער געשריגן פון טיפן האַרצן.

פּלוצלונג איז ער בלאַס געוואָרן. דער אָטעם איז איהם געוואָרן שווער, דער קאָפּ איז איהם צוריק געפאַלן אויף אונטן און מיט אַ געשריי "שמע ישראל" האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

*

דער האָראָדנער רב, דער גאון ר׳ בנימין דיסקין זצ״ל, האָט אויסגעהערט די דאָזיגע העכסט אינטערעסאַנטע ערצעהלונג מיט גרויס שפּאַנונג. ער האָט צוגעזאָגט די פרוי אַז ער וועט טהון אַלעס וואָס איז נאָר מעגליך פאַרן תקון פון איהר פאָטערס אומגליקליכע נשמה. מיט גרויס דאַנק און פיהל ברכות האָט זיך די פרוי אָפּגעזעגנט פון רב.

די דיינים וועלכע זענען געזעסן ביים רב אין פאָדער צימער, האָבן זיך זייער געוואונדערט אויף דעם רב, וואָס זיין צייט איז אַזוי טייער, יעדע מינוט זיינע איז ווערד אַ פאַרמעגן, און דאָ זיצט ער און הערט אויס אַזאַ לאַנגע ערצעהלונג פון אַ פרעמדע פרוי?!

ווען די פרוי האָט פערלאָזן דעם צימער, איז דער רב אַרויס צו די דיינים און צו זיי געזאָגט:

געוויס וואונדערט איהר זיך וואָס איך האָב אויסגעהערט אַ פרוי, בעזונדער

אַזאַ גרויסע ערצעהלונג. אָבער די דאָזיגע ערצעהלונג איז אַ מורא'דיגער מוסר השכל, ווי ווייט מען דאַרף זיין געוואָרנט זיך צו היטן פון מחלוקת און זיך דערווייטערן פון יעדע זאַך וואָס קען צוברענגען צו אַ עלבון התורה ח"ו.

נאָכדעם וואָס ער האָט איבער דערצעהלט פאַר די דיינים די גאַנצע ערצעהלונג האָט ער אויסגעפיהרט:

— אָט זעהען מיר מיט אונזערע אויגן דעם ביטערן סוף פון דעם וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט צו פערפאָסן פאַמפלעטן און קונטרסים דורך וועלכן עס איז געווען אַ זלזול התורה און אַ זלזול תלמידי חכמים, כאָטש ער האָט געוויס אויך געהאָט אַ מחשבה "לשם שמים". עס איז אָבער אַ שפּיל מיט פייער. ווער עס ריהרט זיך צו, ווערט אָפּגעבריהט, וואויל איז צו דעם וואָס טרייסלט זיך אָפּ און נעמט נישט קיין אָנטייל אין קיין שום מחלוקת, ער היט זיך עס זאָל ח"ו נישט צוקומען צו קיין זלזול אין תלמידי חכמים, אשרי לו ואשרי חלקו!

## דריטער קאַפּיטל

# זיינע קינדער יאהרן

הוראדנא. יו״ד כסלו אין יאָהר תקע״ז.

אַ שטאַרקער רעגן פאַרפלייצט די שטאָדט, באַגלייט מיט האָגל און שניי, דונערן און בליצן. קיין מענטש טרעט נישט אַרויס פון שטוב, די לאָדנס פאַרריגלט, די אויוונס אָנגעהייצט און אין הויף פון דעם רב, הגאון רבי בנימין, טומלט זיך, עס פיהלט זיך דאָרט אַ יום טוב׳דיגע שטימונג. ביי איהם איז געבוירן געוואָרן א בן זכר.

דער פאָטער פון קינד, רבי בנימין, זיצט אויבן אָן פון טיש, מיט אַ אָפענע גמרא און לערנט צו די שיין פון אויווועלע וואָס ברענט נעבן איהם, און די טיהר פון זיין שטוב סקריפעט אָן אויפהער, עס עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך. מענטשן געהען אַריין און אַרויס. די האַראָדנער תלמידי חכמים און לומדים, חשוב׳ע בעלי בתים און סתם אידן, קומען ווינטשן זייער באַליבטן רב אַ מזל טוב. אַ גרופּע געהט אַריין און אַ גרופּע געהט אַרויס און די טהיר רוהט נישט קיין סעקונדע.

דעם טאָג וואָס רבי בנימין האָט געפראַוועט דעם ברית פון זיין ניי־געבוירע־נעם קינד, אין זיבעצן טאָג פון חודש, איז די שמחה וואָס האָט געהערשט אין שטאָדט געווען אומגעהויער גרויס. די גאַנצע שטאָדט מענטשן האָבן זיך באַטייליגט אין די שמחה פון רב און מאַסן ווייז געשטראָמט צו די שוהל וואו עס איז פאָרגעקומען דער ברית. זיי האָבן זיך טאַקע געפריידט, עס איז אָבער אַ גרויסער ספק צו זיי האָבן טאַקע געוואוסט מיט וואָס זיי פרייהען זיך, דער עולם וואָס איז געווען פייערליך געשטימט האָט נישט געוואוסט אַז דער צוקונפט פון דעם דאָזיגן קינד, וועלכן מען האָט אַ נאָהמען געגעבן ״יהושע יהודה לייב״ איז צו זיין דער רבן של כל בני הגולה און דער גרעסטער גאון פון זיין דור.

דאָס קינד איז געווען הייליג פון געבורט אָן און ווי נאָר ער האָט דערזעהן די שיין פון דער וועלט, איז ער אַריינגעפיהרט געוואָרן אין דער תורה וועלט, און אַ אַטמאָספעהר וואָס האָט געשמעקט מיט העכערקייט און יראת שמים. דאָס בעטל פון קינד איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אין דעם צימער וואו רבי בנימין האָט זיך געפונען, וועלכער עס האָט געדינט סיי אַלס וואוינונג און סיי אַלס בית מדרש, וואו די באַוועגונג פון באַזוכער איז געווען גרויס. תלמידי חכמים און שאַרפע לומדים האָבן דאָ געפונען אַ צוגעפּאַסטן גייסטיגן אָרט, וואו זיי קענען זיך

צוזאַמענטרעפן און שמועסן אין לערנען. די לופט פון שטוב איז געווען פוהל אָנגעזאַפּט מיט תורה, און אַזוי איז געשוואומען דאָס בעטל פון קינד אויף לויטערע וואַסער פון תורה קוואַל, און זיינע אויערן האָבן פאַרנומען די קלאַנגען פון "הוויות דאביי ורבא", וואָס האָבן זיך כסדר געהערט אין זיין פאָטער'ס הויז.

די קאַפּיטלען פון זיינע קינדער־יאָהרן זענען פאַקטיש די קורצסטע קאַפּיטלען פון זיין אינהאַלט'ס־רייכן לעבן. די יונגע יאָהרן זיינע זענען נישט אָנזעהבאר און מען קען זיי נישט אָנטאַפּן. זיי ווערן גאָרנישט אָנגעמערקט, זייער פריה האָבן זיך ביי איהם אַנטוויקלט זיינע גייסטיגע כוחות, זיין שטאַנדהאפטיגער שכל און טיפער פאַרשטאַנד. זיין גייסטיגע רייפקייט איז בליץ־שנעל און כמעט אומ־נאַטירליך אויסגעוואַקסן.

די הוראָדנא'ער אידן פלעגן וועגן איהם באַמערקן דאָס וואָס די חז"ל זאָגן אויף משה רבינו: "ויגדל משה — וכי אין הכל גדלים? אלא לומר לך שגדל שלא כדרך העולם" — דער פסוק זאָגט אַז משה איז עלטער געוואָרן. פרעגן די חז"ל, נאָר משה איז דען עלטער געוואָרן און אַלע מענטשן ווערן דען נישט עלטער? — נאָר דער פסוק וויל דאָ באַמערקן, אַז משה האָט זיך זייער פריה געעלטערט, נישט ווי דער געוויינליכער שטייגער.

דער פאָטער זיינער, רבי בנימין, האָט אַריינגענומען אין שטוב אַ מלמד, רבי משה הוראָדנא'ער איז געווען זיין נאָהמען, (אויף זיינע עלטערע יאָהרן איז ער געקומען אין ירושלים) און ער האָט געלערנט מיטן קינד דעם אל"ף בי"ת. נאָכדעם וואָס ער איז שוין געווען גוט בעהאַוונט אין דעם אל"ף בי"ת, האָט דער פאָטער, וועמענס שטאַרקער באַגעהר עס איז געווען צו לערנען מיט איהם תורה, איבערגענומען זיין ערציהונג, און ווירקליך איז דער פאָטער רבי בנימין, געווען דער ערשטער וועלכער האָט געפיהלט אין זיינע איבערנאַטירליכע פעסטע עילויאישע כוחות, און ער האָט דער ערשטער באַמערקט אין דעם גייסטיגן וועזן פון זיין עלטסטן קינד און אין איהר באַדייטונג. און אויב די גאַנצע וועלט האָט איצט אָנערקענט אין ר' יהושע לייב'ן ווען ער איז רייף געוואָרן, האָט דער פאָטער איהם שוין געקענט אַלס פּיצל קינד.

מיר וועלן דאָ ברענגען אייניגע עובדות, וועלכע וואַרפן אַ אָפּשיין און גיבן אַ שטיקל באַגריף וועגן זיינע קינדער יאָהרן, ווי ווייט רייף ער איז שוין דאַן געווען.

## דער באשעפער איז א איינציגער

איינמאָהל איז רבי בנימין געגאַנגען שפּאַצירן מיט זיין קינד אין וואַלד, צווישן די בוימער. געהענדיג אַזוי, רופט זיך אָן צו איהם זיין פאָטער:

— וויסן זאָלסטו, מיין קינד, אַז דער באַשעפער איז אַ איינציגער אויף דער וועלט.

דער קינד האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַלס אַ צייכן אַז עס איז גאַנץ פּשוט און עס איז ביי איהם קיין נייעס נישט.

דער פּאָטער קוקט איהם אָן ערשטוינט און גיט אַ פרעג:

— פון וואַנען ווייסטו עס דען?

דער קינד ענטפערט גאַנץ נאַאיוו:

— דו האָסט דאָך מיר דאָ נישט לאַנג געזאָגט אַז דער באַשעפער איז פוהל די גאַנצע וועלט, און וויבאַלד די וועלט איז פוהל מיטן באַשעפער, קען דאָך במילא נישט זיין קיין אָרט פאַר אַ אַנדערן אויסער איהם...

דער פּאָטער האָט עס אויפגענומען מיט אויפריכטיגקייט.

## טאָפּלטע צעטעלאַך

ווען רבי יהושע לייב איז נאָך געווען אַ קינד האָט אַמאָהל פּאַסירט און איינער האָט געמאַכט אַ גורל אויף א געוויסע ווערטפוהלע זאַך. ער האָט אָנגעשריבן עטליכע צענדליג צעטעלאַך, אויף וועלכן עס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן די נעהמען פון די וואָס האָבן געקויפט בילעטן, עס צומישט אין אַ קעסטעלע און דערנאָך אַרויסגעצויגן איין צעטעלע, וועלכע האָט געוואונען דעם גורל.

נאָכן ענדיגן די הגרלה, האָט ער אַוועקגעוואָרפן די אַלע אָנגעשריבענע צעטעלעך אויף דער ערד. די קינדער וואָס האָבן זיך דאָרטן געשפּילט, האָבן צוזאַמענגענומען די צושאָטענע קליינע פּאַפּירלאַך, זיי אויפגעוויקלט און געלייענט הויך די נעהמען וואָס זענען געווען דערויף אָנגעשריבן. אויסרופנדיג די אָנגעשרי־בענע נעהמען האָט מען אויסגעפונען אויף איין נאָהמען אַז ער איז געווען אָנגעשריבן צוויי מאָהל, אין צוויי בעזונדערע צעטעלאַך, בטעות האָט איהם דער בעל הגורל אָנגעשריבן צוויי מאָהל.

אַז דער קליינער יהושע לייבעלע האָט עס געהערט, האָט ער באַלד אויסגערופן, דאָס דער גורל איז פסול, און מען דאַרף עס פונדאָסניי איבערמאַכן. ווען די קינדער האָבן איהם נישט פאַרשטאַנען, האָט ער זיך געווענדעט צו די עלטערע וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, כדי זיי אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף דעם פסול׳ן גורל וואָס איז דאָ יעצט פאָרגעקומען.

זיי האָבן איהם אָבער באָרוהיגט, טענה׳נדיג אַז וויבאַלד דער יעניגער וואָס איז געווען צוויי מאָהל אויפגעשריבן האָט סיי ווי נישט געוואונען אין דעם גורל, ווען מען שטערט עס דען אויב עס געפינען זיך אין דעם גורל טאָפּלטע נעמען, דער עיקר איז אַז דער וואָס האָט געוואונען שטעהט נישט צוויי מאָהל אָנגעשריבן.

דער קליינער ווערט אָבער נישט בעאיינפלוסט פון זייערע רייד, ער האַלט זיך פעסט ביי זיינע רייד אַז דער גורל איז פסול, און ער גיט עס צו ערקלעהרן

ווי פאָלגענד: — ווי וואָלט געווען ווען אין דעם גורל וואָלט זוכה געווען דער דאָזיגער וואָס האָט בטעות באַקומען צוויי נומערן, וואָלט מען איהם דאָך געוויס נישט געגעבן דאָס געוואונענע זאַך, צוליב אַ פשוטע טענה: פאַרוואָס זאָל ער עפּעס באַקומען אַ טאָפּלטן זכות, אין דער צייט וואָס ער האָט געקויפט נאָר איין איינצעלנער נומער, קומט דאָך במילא אויס, אַז דער צוויי־נומערדיגער האָט אָנגעוואָרן זיין זכות צו געווינען אין דעם דאָזיגן גורל, ווייל אַפילו אויב ער וואָלט אַרויסגעצויגן זיין נאָהמען וואָלט ער סיי ווי גאָרנישט באַקומען. יעצט, ווי וואָלט געווען אויב מען וואָלט פאַרפעהלט איין נאָהמען צו אַריינלעגן אין גורל, וואָלט דאָך דאַן געוויס געווען דער גורל פסול, און אין איצטיגן מאָמענט, ווען עס געפינט זיך אַ טאָפּלטער נאָהמען איז עס גלייך ווי עס פעהלט איין נאָהמען...

די עלטערע, הערנדיג דעם קינד׳ס ערקלעהרונג, האָבן איהם געגעבן פולקאָם גערעכט.

## ווען דער זייגער איז קאַליע

איינמאָל איז דער זייגער ביי זיי אין שטוב קאַליע געוואָרן און ער איז געוואָרן הינטערשטעליג ביז ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. יעצט איז דער קליינער געווען צופרידן.

— וואָס ביסטו יעצט אַזוי צופרידן? — האָט מען איהם געפרעגט.

— ווייל יעצט איז דער זייגער ריכטיג צום וויינינגסטן איין סעקונדע דורכ׳ן טאָג... — האָט דער קליינער געענטפערט.

## נזיקין מיט יורה דעה

אין אַ אָוונד זענען אַמאָל געזעסן אין שוהל צוויי יונגעלייט און געשמועסט צווישן זיך וואָס זיי זאָלן יעצט לערנען. איינער האָט געהאַט חשק צו לערנען אַ גמרא וואָס האָט אַ שייכות צו דער יורה דעה, דער אַנדערער האָט זיך אָבער איינגעעקשנט צו לערנען דווקא אַ גמרא פון סדר נזיקין. זיי האָבן זיך געראַנגלט צווישן זיך און נישט געקענט קומען צו קיין טאָלק.

אין מיטן דעם געראַנגל איז אַריינגעקומען דער קליינער יהושע לייבעלע אין בית המדרש. ווען זיי האָבן איהם דערזעהן רופט זיך אָן איינער צום צווייטן:

— לאָמיר פרעגן דעם רב׳ס קינד און ווי אַזוי ער וועט באַשליסן וועלן מיר טהון!

דער קליינער האָט זיי אויסגעהערט און אויפן אָרט, געזאָגט:

— לערנט דעם פרק איזהו נשך, וועט איהר בידע זיין צופרידן*.

---

* דארטן רעדט זיך פון יורה דעה׳דיגע ענינים און עס איז פון סדר נזיקין.

איינמאָל אין אַ פּורים, איז אַריינגעקומען צום רב איינער פון די שטאָדט מענטשן, זיך געמאַכט ווי אַ שיכור און זיך צעווילדעוועט.

דער קליינער האָט אָבער געפילט אַז עס איז אַ געמאַכטע שיכרות, האָט ער קורץ געזאָגט: דער דאָזיגער איד איז "מיחזי כשיכרא (שיכרא)"...

*

ווען דאָס קינד איז אַלט געווען פינף יאָהר איז ער שטאַרק איינגעפאַלן און געווען אַ מסוכן. דער פאָטער האָט צוזאַמענגערופן די גאַנצע שטאָדט צו מתפלל זיין און בעטן רחמים פאַרן "גאון הדור וואָס האַלט ביים שטאַרבן". ווען די אַנוועזענדע האָבן געפרעגט זייער רבין, ווער איז עס דער יעניגער וואָס מען דאַרף אַזוי שטאַרק מתפלל זיין, האָט רבי בנימין זיי געענטפערט: — דאָס איז מיין קליין זוהנ'דל!

דער עולם האָט פיהל מתפלל געווען און דאָס קינד איז געזונד געוואָרן.

לויט ווי דער גאון רבי יצחק אלחנן זצ"ל, קאָוונער רב, פלעגט דערצעהלן, האָט זיך רבי יהושע לייב, שוין אַלס קינד, אויסגעצייכנט צווישן זיין פאָטער'ס תלמידים, און נאָך איידער ער איז בר מצוה געוואָרן, האָט ער שוין געהאַט אַ קבוע'דיגער שיעור אין פוסקים און געהאָרעוועט אין די ענינים פון חושן משפט.

רבי ארי' לייב פרומקין באַצייכנט אין זיינע שריפטן:

— עס האָט מיר פיהל מאָהל דערצעהלט דער גאון רבי יצחק אלחנן זצ"ל, קאָוונער רב, וועלכער האָט יונגערהייט געלערנט ביים גאון רבי בנימין דיסקין אין הוראַדנא און זיך געחברט מיט רבי יהושע לייב'ן, אַז נאָך אַלס קינד האָט זיך רבי יהושע לייב בעזונדער אויסגעצייכנט און מען האָט שוין דאַן דערקענט אַז עס וואַקסט אַ ריז און אַ לייכטענדער שטערן...

## דער רב איז פאַרט גערעכט

די תלמידים פון גאון רבי בנימין, זענען אַמאָל געווען עדות צו אַ קינדערישע געוואַגטקייט פון רבי יהושע לייב'ן.

דאָס איז געווען אין וואָלקאָוויסק. אין איינע פון די אַרומיגע שטעדטלאַך האָט געטראָפן אַז דער אָרטיגער רב איז נכשל געוואָרן און געפסקנט נישט לויטן דין. די שטעדטלשע אידן וועלכע האָבן שוין פון לאַנג געהאַט אַ האַרץ אויף זייער רב, האָבן יעצט געפונען די געלעגנהייט און זיך געוואָלט בעפרייען פון איהם. זיי האָבן דערלאַנגט אַ אַנקלאַגע אויף זייער רב צו רבי בנימין'ען, טענה'ענדיג, אַז וויבאַלד ער האָט נישט ריכטיג געפסקנט, פאַרגעסנדיג דערביי אַ מפורש'ער דין, דאַרף מען איהם אָפּזאָגן פון דער רבנות.

רבי בנימין האָט באַשלאָסן צו איינלאַדען דעם רב צו זיך און שמועסן מיט איהם אין לערנען, כדי זיך צו איבערצייגן אויב עס איז דאָ מיט וואָס צו באַשולדיגן איהם, און באַשטימען צו ער מעג אָנפיהרן מיט דער רבנות אָדער נישט.

רבי בנימין האָט געשיקט דעם רב אַ איינלאַדונג, און איהם געבעטן אַ ערקלעהרונג אויף דעם פסק וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן און וועלכער איז אין קעגנזאַץ פון דער הלכה. דער רב האָט מודה געווען אַז ער האָט געהאַט אַ טעות, ער געפינט נישט קיין אויסוועג צו באַרעכטיגן זיין פסק. רבי בנימין איז געוואָרן זייער איבערראַשט הערנדיג ווי דער רב איז זיך מודה, ער האָט איהם אָנגעזידלט און שטאַרק אויסגעמוסרט וואָס דורך איהם איז אַרויס אַזאַ שטרויכלונג.

איינגעבויגן און אַראָפּגעלאָזט די קאָפּ איז דער דאָזיגער רב אַרויס פון רבי בנימין׳ס הויז, פאַרשעמט און דערשלאָגן אויף זיין דורכפאַל און פוהל מיט שרעק טאָמער וועט מען איהם דערפאַר אַראָפּזעצן פון זיין רבנות שטעלע, און פון זיינע אויגן האָבן געפלאָסן טרערן.

רבי יהושע לייב, וועלכער איז נאָך דאַן געווען פאַר בר מצוה, איז פוהל געוואָרן מיט רחמנות אויף דעם דאָזיגן רב וועלכער איז געווען אַזוי פאַרלאָרן. זיין ווייכע האַרץ האָט עס נישט אויסגעהאַלטן. ער איז דעריבער צוגעגאַנגען צום רב און איהם געפרעגט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און וואָס איז געווען דער פסק ביי וועלכן ער איז דורכגעפאַלן.

מיט גרויס שוועריגקייט האָט דער רב צוגעשטימט צו זיין פאַרשלאַג און פאַרגעלעגט פאַר איהם די אַלע איינצעלהייטן פון דעם פסק ביי וועלכן ער האָט געליטן דעם דורכפאַל, און צוליב וועלכן ער שטעהט צו פאַרלירן זיין רבנות שטעלע, וואָס איז זיין איינציגער לעבנס קוואל פון וועלכן ער שעפּט זיין פרנסה.

רבי יהושע לייב האָט איהם באַרוהיגט און געטרייסט, אַז ער זאָל נישט זיין באַזאָרגט, זאָל ער צוזוואַרטן ביז מאָרגן, און ער האָפט אז ביז דאַן וועט ער דורכטהון דעם ענין און אויפשרייבן אויפן פּאַפּיר אַלע מאָטיוון ווי אַזוי צו באַרעכטיגן דעם דאָזיגן פסק, עס זאָל צופרידנשטעלן אויך זיין פאָטער.

און אַזוי האָט ער געטהון.

רבי יהושע לייב האָט זיך אויף דער נאַכט פאַרטיפט אין דעם ענין, עס גרונדליך אַ דורכגעלערנט, און דורכגעטהון אַלע פוסקים וואָס האָבן דערמיט א שייכות, ביז עס איז איהם געלונגען אויפצושטעלן אַ גאַנצער געבוי צו באַרעכטיגן דעם פסק וואָס יענער רב האָט געפסקנט.

דער יונגער אינגל האָט אָנגעשריבן אויפן פּאַפּיר זיין אויפטהו, און אויף מאָרגן, גאַנץ פריה, האָט ער מיט גרויס פרייד אויפגעזוכט דעם דערשלאָגענעם רב און איהם דערלאַנגט די אָנגעשריבענע בויגנס פּאַפּיר. דער רב האָט עס איבערגעשריבן מיט זיין האַנד שריפט, אַריינגעגאַנגען צו רבי בנימין׳ען און עס איהם איבערגעגעבן, און באַלד דערנאָך פאַרלאָזט זיין שטוב, נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט מיט איהם דעם ענין אַ דורכשמועסן. . . .

רבי בנימין האָט איבערגעקוקט די שריפטן און שטאַרק איבערראשט געוואָרן פון דעם אויפטהו, וועלכער וואַרפט אַ נייע ליכט איבער דעם גאַנצן ענין, זיין

התפעלות איז געווען אַזוי גרויס, דאָס בשעת ער האָט געהאַלטן אין זאָגן זיין טעגליכן שיעור פאַר זיינע תלמידים, האָט ער זיי דערצעהלט די גאַנצע פּאַסירונג און אויסגעפיהרט: מען זאָגט אויף אונז אַז מיר זענען תלמידי חכמים און מען באַקרוינט אונז מיט די גרעסטע טיטלען, און אָט געפינט זיך דאָ נישט ווייט, אין אַ פאַרוואָרפענעם שטעדטל, אַ אומבעקאַנטער רב, וואס קיינער ווייסט גאָרנישט פון איהם, און זיין גדלות אין תורה איז ממש צו באַוואונדערן.

רבי בנימין האָט פאַרטגעזעצט און איבערגעזאָגט פאַר זיינע תלמידים דעם גאַנצן ענין און ווי אַזוי יענער רב האָט געפּסקנט, ווי אויך דעם גרונד אויף וועלכן ער האָט באַזירט זיין פּסק. די תלמידים האָבן אויסגעהערט דעם ענין מיט גרויס התפעלות. דער איינציגער וואָס האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום צייכן פון התפעלות, און וועמען דער אויפטהו האָט בכלל נישט איבערראַשט, איז געווען דער קליינער רבי יהושע לייב, אַ זאַך וואָס איז געווען אין קעגן זאַץ פון זיין כאַראַקטער.

רבי בנימין האָט אַנגעקוקט זיין קליין זוהנדל, און באַלד דערפיהלט אַז זיין האַנד שטעקט דעריין...

## א תקון פארן צורייסן די פאפירן

אַ צווייטע ענליכע מעשה האָט פּאַסירט אין רבי יהושע לייב׳ס יוגנד יאָהרן, וואו זיינע מורא׳דיגע כשרונות האָבן זיך עטוואָס אַרויסגעוויזן.

אין דער שטאָדט וואָלקאָוויסק איז געקומען אַ פרוי, וועלכע איז געווען אַ עגונה. זי האָט באַקומען אַ היתר פון דעם סלאָנימער רב, דער גאון רבי דובעריש אשכנזי זצ״ל, מחבר פון ספר נודע בשערים. ער האָט אָבער צוגעלעגט אַ פּונקט, אַז דער היתר וועט נישט זיין גילטיג סיידן עס וועט דערויף געבן זיין הסכמה איינער פון די גאוני הדור.

די פרוי איז דעריבער געקומען קיין וואָלקאָוויסק און זיך געווענדעט צו רבי בנימין׳ען ער זאָל געבן דערויף זיין הסכמה. רבי בנימין איז דאַן געווען זייער פאַרנומען, האָט ער איהר דעריבער געגעבן אַ עצה זי זאָל אַריינגעהן אין דער־נעבנדיגן צימער און איבערגעבן די שריפטן פאַר זיין זוהן וועלכער געפינט זיך דאָרטן, זאָל ער דערווייל אַ דורכקוקן דעם היתר און דאַן וועט ער, רבי בנימין, זאָגן זיין מיינונג.

די פרוי איז צוגעגאַנגען צום פענסטער פון נאָהנטן צימער, און אַריינגעקוקט אינווייניג, זי זעהט ווי דאָרטן זיצט אַ יונגער בחור׳ל, כמעט נאָך אַ אינגל, און לערנט ביי אַ גמרא. זי קערט זיך אום צוריק צו רבי בנימינ׳ען און זאָגט: אין צימער געפינט זיך קיינער נישט אויסער עפּעס אַ יונגער בחור׳ל. ענטפערט איהר רבי בנימין: — איהם האָב איך טאַקע געמיינט.

די פרוי האָט זיך אַ ווײַלע געוואַקלט, צו זי זאָל איבערגעבן דעם דאָזיגן יונגן בחור'ל די דאָזיגע וויכטיגע שריפטן, אויף וועלכן עס העגגט איהר גאַנצער צוקונפט, ענדליך האָט זי זיך אָבער באַשלאָסן, אַריין אין צווייטן צימער און דערלאַנגט פאַר דעם יונגן רבי יהושע לייב די שריפטן. רבי יהושע לייב האָט אַ דורכגעבלעטערט די שריפטן און זיי איבערגעבליקט, און אַזוי מישנדיג האָט זיך צוריסן איין בלאַט.

די אומגליקליכע פרוי וועלכע האָט געלייגט איהר גאַנצע האָפנונג אויף דעם דאָזיגן בינטל פאַפּירן, האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין דערזעהענדיג ווי איין בלאַט איז צוריסן געוואָרן. רבי בנימין וועלכער האָט דערהערט איהר געוויין איז באַלד אַריינגעגאַנגען אין צווייטן צימער. דערזעהענדיג וואָס דאָ האָט פּאַסירט, האָט ער געמאַכט פאַר זיין זוהן אַ פאַרוואורף פאַרוואָס ער איז נישט געווען גענוג פאַרזיכטיג ביים דורכקוקן די שריפטן.

צוזעהענדיג דעם צער פון דער עגונה און הערנדיג די שטראָף רייד פון זיין פאָטער, האָט רבי יהושע לייב זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז ער וועט טהון אַ תשובת המשקל און ער אַליין וועט איהר אויפשטעלן אַ נייעם היתר.

דער יונגער בחור'ל האָט מקיים געווען זיין צוזאָג, און אָנגעהויבן אויפצושטעלן אַ נייעם היתר. נאָך איהם האָט דער פאָטער משלים געווען און אויפגעשטעלט אַ גאַנצן קונטרס, וועלכער פאַנגט זיך אָן מיט פאָלגענדע ווערטער: ״מיין זוהן, דער בעוואוסטער חריף, האָט אָנגעפאַנגען אין דעם היתר פון די דאָזיגע פרוי...״ (דער קונטרס געפינט זיך אין בית יתומים דיסקין).

*

צוביסלאַך האָט דער יונגער בחור'ל אַרויסגעוויזן וואונדערליכע כחות און איבערנאַטירליכע כשרונות. מען האָט געמערקט אין איהם זעלטענע אייגנשאַפטן און אויסערגעוויינליכע פעהיגקייטן, וועלכע האָבן פון צייט צו צייט אַריינ־געברענגט אין גרויס ערשטוינונג. די וואָס זענען געווען מיט איהם נעהנטער, האָבן געפיהלט אַז אַ לייכטענדער שטערן, וועלכער געהט אויף איינמאָהל אין פיהל יאָהרן, שיינט יעצט אויף איבער דעם אידישן האָריזאָנט.

זייענדיג נאָך זייער יונג האָט ער אַלעמען געבראַכט צום דערשטוינען אין זיין גרויס בקיאות אין: ש״ס בבלי און ירושלמי, רמב״ם און טורים מיט ארבעה חלקי שולחן ערוך, ראשונים און אחרונים. טיפקייט און לאָגיק ביזן העכסטן גראַד. א אויסערגעוויינליכע פאַראייניקונג פון אַ זעלטענע שנעלע תפיסה מיט אַ שטאַרקער התמדה קראַפט.

נאָך פאַר דער בר מצוה איז ער שוין אַ חתן געוואָרן מיט אַ טאָכטער פון איינע פון די באוואוסטע יחוס'דיגע פאַמיליעס, ברווידא, מיטן נאָהמען הינדא רחל, אַ פיינע און זייער א עהרליכע מיידל. פערצן יאָהר איז ער אַלט געווען ווען ער איז געגאַנגען צו דער חופה. נאָך די חתונה האָט ער געגעסן קעסט ביים שווער

אין יִשטוב אין וואָלקאָוויסק, און זיין צייט איז געווען פולשטענדיג געווידמעט אויף תורה און יראת שמים.

אין דער צייט וואָס ער איז געווען אַ חתן, איז ער געוואָרן זייער שווער קראַנק. איינער פון די גאָר נאָהנטע מקורבים צו רבי בנימינ׳ען האָט איהם געראָהטן צו איבעררייסן, אַלס אַ סגולה, די תנאים. רבי בנימין האָט איהם געענטפערט אַז ער דאַרף זיך וועגן דעם אַ דורכריידן מיט זיין זוהן.

רבי בנימין איז אַריין צום קראַנקן און איהם געפרעגט וואָס איז זיין מיינונג וועגן דעם דאָזיגן פאָרשלאָג, צו איבעררייסן די תנאים. רבי יהושע לייב האָט אָפגעשטויסן דעם פאָרשלאָג זאָגנדיג: און וואָס וועלן טהון די קראַנקע וועלכע זענען נישט קיין חתנים, און זיי קענען נישט נאָכקומען דעם דאָזיגן מיטל ? !



רבי בן ציון שטערנפעלד

די צייט וואָס ער איז געזעסן אין וואָלקאָוויסק, און געגעסן קעסט ביי זיין שווער, האָבן איהם גרויס געמאַכט זיין נאָהמען און קעגן זיין ווילן, שטאַרק פּאָפּולער געמאַכט. שוין דאַמאָלס האָט ער אָנגעפיהרט מיט א ישיבה און געלערנט שיעורים מיט זיינע תלמידים, און דער גאון רבי יהושע העליר זצ״ל (מחבר פון ספר עמודי אור) דאָן וואָלקאָוויסקער רב, טיילט איהם מיט גרויס כבוד.

איינער פון די דאַמאָלסדיגע וואָלקאָוויסקער איינוואוינער, דער גאון רבי בן ציון שטערנפעלד זצ״ל, דער שפּעטערדיגער בילסקער רב, מחבר פון ספר

שערי ציון, גיט איבער וועגן די גרויסקייט פון רבי יהושע לייב אין זיינע יונגע יאָהרן ווי פאָלגענד: איך קען עדות זאָגן, אַז זייענדיג אין וואָלקאָוויסק, איז שוין רבי יהושע לייב געווען קלאָהר מיטן לשון אין ש״ס בבלי מיט אַלע תוספות אויסער דעם ש״ס ירושלמי וועלכן ער האָט געקענט אויף אויסנווייניג.

זיין גרויסער פאָטער האָט זיך אויף איהם איבער אַלעס פאַרלאָזן, און נישט איינמאָהל, האָט ער איהם איבערגעגעבן צו באַשליסן, נישט קוקנדיג אויף זיין קינדער עלטער, וועגן שווערע קאָמפּליצירטע ענינים, וואָס פאָדערן פיהל נאָכ־טראַכטן און ערנסטער איבערלייגונג.

## ביי א שווערע בוררות

רבי ארי׳ לייב פרומקין דערצעהלט וואָס ער האָט אַליין געהערט פון רבי יהושע לייב׳ן, וואָס עס האָט מיט איהם פאַסירט אין זיינע יוגנד יאָהרן. מיר וועלן איבערגעבן זיינע אייגענע ווערטער:



רבי ארי׳ לייב פרומקין

איינמאָהל איז פאָרגעקומען פאַר מיין פאָטער, דער גרויסער גאון (רבי בנימין זצ״ל) אַ דין תורה פון צוויי גבירים. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ סומע פון

עטליכע צענדליג טויזנט רובל. יעדער צד האָט געהאַט צו זיך טוענים, גרויסע און חשובע רבנים, וואָס זענען געווען בוררים לויטן דין פון זבל״א (זה בורר לו אחד) און מיין פאָטער האָט געדאַרפט באַשליסן און זיין דער פערטרויאונגס מאַן. דער דין תורה האָט זיך געצויגן עטליכע וואָכן און ווען עס האָט זיך געהאַלטן ביים שליסן און מען האָט געדאַרפט דורכקומען צווישן זיי, האָט מיין פאָטער, דער גאון זצ״ל, צו מיר געזאָגט: — נעהם דו איבער, מיין זוהן, די דאָזיגע מיסיע, און זעה צו ערלעדיגן דעם ענין אַנשטאָט מיר.

אין אָנהויב האָב איך זיך צוריקגעהאַלטן דערפון, ווייל די בוררים־רבנים זענען געווען גדולי תורה און איינער פון זיי איז שוין געווען אין טיפן עלטער, פונדעסטוועגן האָבן מיר באַוואויגן מיין פאָטער׳ס רייד, וועלכער האָט מיר באַפוילן איבערצונעהמען דעם דאָזיגן דין תורה, ווייל ער האָט זיך געשפירט שוואַך און ער האָט נישט געוואָלט מעהר דערויף פאַרברענגען זיין צייט. איך האָב פון איהם גענומען די שליסלען, אויפגעעפנט דעם צימער אין וועלכן עס זענען געלעגן די שריפטן פון די טענות פוןביידע פאַראינטערעסירטע, איידער די רבנים וועלן זיך צוזאַמענקומען אַ דורכשמועסן דעם ענין.

ווען איך בין אַ דורכגעגאַנגען אַלע איינצעלהייטן וועלכע זענען דאָרטן געווען אויסגערעכנט, מעהר פון ניינצן טענות און ענטפערס, האָב איך איינגעזעהן אַז דער ערשטער איז זייער גערעכט מיט זיין ערשטע טענה.

ווען די בוררים זענען זיך צונויפגעקומען אויף דער זיצונג און איך בין געווען איבער זיי דער פערטרויאונגס מאַן, האָב איך געזאָגט, אַז דער ערשטער איז זייער גערעכט מיט זיין ערשטע טענה. אַבער דער בורר פון דעם צווייטן צד האָט בשום אופן נישט געוואָלט צושטימען מיט מיר, און מיין גאַנצע מיה איהם צו באַרעכטיגן איז געווען אומזיסט און עס האָט מיר גאַרנישט געהאָלפן, כאָטש איך האָב איהם נישט איינמאָל געגעבן צו פאַרשטעהן און איבערגעחזר׳ט מיינע רייד, האָט ער אָבער דערצו נישט געוואָלט צושטימען.

איך האָב אָבער געוואָלט אַז ער זאָל אויך צושטימען צו מיינע רייד און נישט געוואָלט זיך מיט איהם איינרייסן, ווייל דער דאָזיגער בורר איז שוין געווען אין טיפן עלטער און א גדול בתורה. האָב איך דערווייל דעם ענין נישט געבערענגט צום ענדגילטונג און געבעטן איבערוואַרטן ביז מאָרגן.

אויף מאָרגן האָב איך אָנגעהויבן מיט די פינפטע טענה, ביי וועלכע עס איז דערביי געווען גערעכט דער צווייטער צד. ווי נאָר איך האָב פאָרגעלעגט די דאָזיגע טענה וועלכע איז געווען פאַר איהם גילטיג, האָט ער באַלד צוגעשטימט צו מיינע רייד און איך האָב באַמערקט אַז ער איז דערפון שטאַרק צופרידן. דאַן האָב איך גענומען אָפּשלאָגן די טענה און אויפגעוויזן איהר זינלאָזיגקייט ביז דער בורר האָט דערפון געהאַט גרויס חלישות הדעת, ווייל ער האָט נישט געהאַט מיט וואָס זיך קעגנשטעלן און אָפּשלאָגן מיינע אַרגומענטן.

דאָן האָב איך ווידער געזאָגט, אַז איך האָב נישט קיין קלער, חס ושלום, צו פאַרקרימען די גלייכע סברא. איך האָב צוריק אָפּגעשלאָגן די אַלע טענות וואָס איך האָב פריהער אוועקגעלעגט און אויפגעוויזן אַז געגרעכט איז ער טאַקע מיט זיין טענה, און איך וועל נישט אָפּנויגן פון דעם אמת אויף קיין פאַל, דערביי האָב איך איהם געזאָגט, אַז פּונקט ווי ער גיט מיר גערעכט אין דעם פּונקט, וועלכער איז גילטיג פאַר דעם צד וועמען ער פאַרטרעט, זאָל ער מיר אויך געבן גערעכט און מודה זיין אין דעם ערשטן פּונקט, כאָטש עס איז גילטיג פאַר דעם צווייטן צד.

דאַן האָט ער אַריינגעטראַכט און געזעהן אז איך בין גערעכט אין מיין גאַנג און ער האָט מיר אויף אלעס מודה געווען און פולשטענדיג געגעבן גערעכט.

## קבלת עול מלכות שמים

רבי יהושע לייב פלעגט דערצעהלן, אַז ווען ער האָט זיך דערנעהנטערט צום אַכצענטן יאָהר, האָט איהם זיין פאָטער, רבי בנימין, געגעבן צו וויסן, אַז ער וויל איהם מיטטיילן אין די נאָהנטע טעג גאָר אַ וויכטיגן ענין און ער זאָל זיך דערויף גוט צוגרייטן.

עס געהען אַ דורך נאָך עטליכע טעג און ווידער האָלט איהם פאַר זיין פאָטער וועגן דעם ענין וואָס ער וויל איהם מיטטיילן. ער האָט איהם צוגעזאָגט ער זאָל זיך גוט צוגרייטן אויפצונעהמען דעם ענין וואָס ער וויל איהם איבערגעבן, און אַזוי האָט איהם זיין פאָטער זייער אָפט אונטערגעוואָרימט ער זאָל זיך פלייסן אין די הכנות.

עס איז אָנגעקומען דער אָפּגעשטימטער טאָג, דער טאָג וואָס רבי יהושע לייב איז אַלט געוואָרן אַכטצן יאָהר. דער פאָטער האָט איהם צוגערופן צו זיך און (אומגעפעהר) אזוי געזאָגט: — מיין זוהן! דו ביסט הייליג פון געבורט אָן. דו האָסט זוכה געווען צום תורה קרוין. עס איז געקומען די צייט דו זאָלסט מקבל זיין אויף דיר דעם עול מלכות שמים מיט מורא און ציטער. פון יעצט אָן זאָלסטו זיך אַוועקשטעלן אויף אַ בעזונדערן אויסגעקליבענעם וועג!

מורא׳דיג גרויס איז יענער טאָג געווען ביי רבי יהושע לייב׳ן. אין יענעם טאָג האָט רבי יהושע לייב זיך אויסגעקליבן און פעסטגעשטעלט זיין אייגענער ספּעציפישן וועג און זיך אָנגעצייכנט די ליניע אויף וועלכע עס זאָל זיך ציהען זיין לעבנס גאַנג און אויף וועלכן ריכטונג ער זאָל פיהרן זיין לעבנס שטייגער ביזן לעצטן טאָג.

זיין זוהן, דער גאון רבי יצחק ירוחם, פלעגט זאָגן, אַז דער גאַנצער לעבנס שטייגער פון זיין פאָטער, זיין קדושה און טהרה, זיין פרישות און אָפּגעהיטנקייט, זיין התמדה ביז שקידה א.א.וו. און אלעס וואָס מען האָט געזעהן ביי איהם אין

די שפעטערע יאָהרן, האָט זיך אָנגעהויבן פון יענעם טאָג, וואָס זיין גרויסער פאָטער האָט זיך מיט איהם אָפגעזונדערט און איהם איבערגעגעבן זיינע רייד.

די ליניע וואָס רבי יהושע לייב האָט זיך אָנגעצייכנט זיין וועג נאָך יענעם שמועס, איז געווען אין זיינע אויגן דער ווענדע־פונקט און פונדאַמענט אין זיין לעבן פון וועלכן ער האָט זיך נישט אָוועקגעריהרט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

״און דער וועג פון די צדיקים איז ווי דער ליכטיגער מאָרגנשטערן וועלכער שיינט אויף ביזן אויפגאַנג פון טאָג״.

פערטער קאפיטל

# די רבנות־שטעדט

(לאַמזשע)

טאַמער האָט רבי יהושע לייב געוואָלט זיצן רוהיג ביי זיין שווער אין שטוב, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און פאַרטיפנדיג זיך אין די פיהר איילן פון הלכה דורך לערנען און מרביץ תורה זיין פאַר תלמידים, האָט איהם פּלוצלונג דערגרייכט דער לאַסט פון רבנות.

די ערשטע רבנות אַמט האָט איהם אָנגעטראָפן ווען ער איז נאָך אַלט געווען נישט מעהר ווי זיבן און צוואַנציג יאָהר, די רבנות־אַמט האָט איהם אַרויסגעצויגן פון זיין באַהעלטעניש ערגעץ דאָרטן אין וואָלקאָוויסק, און האָט איהם אַוועקגע־שטעלט מיט איין מאָהל אין דער צענטראַל פון לאַמזשער קהלה, אין שפּיץ פון אַ שטאָדט וועלכע איז געווען פוהל מיט תורה און באַריהמט מיט איהרע לומדים און תלמידי חכמים. דאָס איז געווען אַ בליץ שפּרונג, אַ איבערגאַנג פון אַ שטילער, רוהיגער און אָפּגעזונדערטן לעבן, צו אַ לעבן פון דערהויבנקייט און אָנפיהרער־שאפט.

די מעשה איז אַזוי געווען:

אין יאָהר תר״ד, ווען די לאַמזשער אידן האָבן פאַרלוירן זייער גרויסן רבי׳ן, דער גאון רבי בנימין דיסקין זצ״ל, האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן די אַלע לומדים און אָנפיהרער פון שטאָדט, און אַלע ווי איין מענטש האָבן אָנגעגעבן אַלס פאַסיגער קאַנדידאַט, דעם עלטסטן זוהן פון זייער פאַרשטאָרבענעם רב, וועלכער ערשטוינט אַלעמען מיט זיין גאונות און צדקות. זיי האָבן באַשלאָסן, טראָץ זיין קליינער עלטער, אָנצוטהון די רבנות קרוין, פון די דאָזיגע חשובע און גרויסע שטאָדט, אויף זיין קאָפּ, איהם אויפנעהמען אַלס גייסטיגער אָנפיהרער און שטעל־פאַרטרעטער פון זיין פאָטער רבי בנימין זצ״ל.

אין איינעם אַ טאָג, האָט ערשיינט אין דער הויז פון רבי יהושע לייב׳ס שווער, אין וואָלקאָוויסק, אַ חשובע דעלעגאַציע אין נאָהמען פון דער גרויסער קהלה אין לאַמזשע און דערלאַנגט פאַר רבי יהושע לייב׳ן אַ רבנות שריפט, גע׳חתמ׳עט פון אַלע וויכטיגע און חשובע לאַמזשער אידן.

דער נוסח ווי פאלגענד:

בעה"י

לכבוד הרב המאור ומאיר באור תורתו, בחוצות תרונה חכמתו, על ישראל הדרתו, הרב הגאון המפורסם, סוע"ה חריף ובקי כק"ש מו"ה יהושע יהודה לייב נ"ו.

ידיד ה' באנו לדפוק בדלתותיו..... להקים איש אחד וליתן עליו עול המשרה שיעצור בעירנו ולהיות שואף וזורח באור תורתו בקהילתנו לדרוש את דבר ה', למען לא ימך המקרה ולא ימוטו היסודות אשר יסדו לנו הגאונים נ"ע אשר היו מלפנים אשר על פיהם יצאנו ועל פיהם באנו, וגם כל העם על מקומו באו לשלום. גם מר אביו הגאון הצדיק נ"ע היה כאחד מהם. עוד ישמח לבנו בזכרנו את זיו הוד קרנות אור פניו אשר בחכמתו וצדקתו ותורתו כאב את בן הנחנו בדרך אמת. הן גם עתה אחר בלותינו היתה לנו עדנה, כי ראה ראינו אשר אדם אחד מאלף מצאנו את כבוד תורתו אשר כולנו נתנו עינינו בו בנערינו ובזקנינו כאיש אחד חברים לאמר מי יעצור בעמינו ולמי כל חמדתינו אם לא אל כבודו הרמה למלאות את מקום כבוד מר אביו הגאון הצדיק נ"ע כן יבדלו בחיים, גם הוא יהיה קשור על לוח לבנו, והוא ינחמנו ממעשינו ויפה כח הבן מכח האב.

ועל כל הדברים האלו עתה באנו בפינו דברנו ובידינו מלאנו את ה' כבוד הרבני המופלג ומפורסם מו"ה צבי יצחק ליפשיץ, והרבני המופלג ומפורסם מ' חיים משה נ"ו, בתת להם כו"ה עפ"י הרשימה אשר יש בידם מאתנו על כל פרטי הדברים, הן נתינתו מאת קופות הקהלה דבר הקצוב וכל דבר הנהוג ביתר שאת ובעין יפה, רק תהי נא אלה בינותינו ועלינו לקיים ולשמור את כל היוצא מפיהם, ויגבילו זמן המוגבל לשלוח מרכבה כבודה אחריו לשאת אותו ואת כל אשר חננו ה' ולברך בשמו.

ומברכים ומתפללים בחיי דמר רחימאי וחיי לפום רבנן ותלמידיהון ומצפים ביאתו.

אלה דברי ראשי קהלתנו הבאים עה"ח

(דערויף האבן געחתמ'עט די חשובים פון שטאדט און איהרע אנפיהרער)

רבי יהושע לייב האָט איינגעזעהן דעריין אַ צייכן פון אויבן און ער האָט זיך נישט איינגעשפאַרט. ער האָט אָנגענומען דעם רבנות שריפט און באַשטימט אַ געוויסן טאָג ווען ער וועט קומען צו פאָהרן אין שטאָדט.

דערווייל האָט זיך פאַרשפרייט דער קלאַנג אין וואָלקאָוויסק, אַז דער יונגער־מאַן, רבי יהושע לייב, איז דערהויבן געוואָרן צו דער רבנות שטעלע אין די גרויסע שטאָדט לאָמזשע, און אין גאַנץ וואָלקאָוויסק האָט זיך דערפון געטומלט. פון איין זייט איז זיי שווער געוועוען זיך אָפּשיידן פון דעם דאָזיגן חשוב'ן יונגערמאַן, אָבער פון דער אַנדער זייט, האָבן זיי זיך געגרויסט און געפריידט דערמיט וואָס ביי זיי אין שטאָדט איז אויסגעוואָקסן דער דאָזיגער גרויסער און הייליגער מאַן, אַלט און

יונג זענען געקומען זיך מיט איהם געזעגענען און איהם צווינטשן גרויס גליק צו זיין רבנות־אַמט און זיין נייעם וואוינונגס־שטאָדט.

ווען עס איז אָנגעקומען דער טאָג וואָס רבי יהושע לייב האָט געדאַרפט אָפפאָהרן פון שטאָדט, האָט מען איהם געבראַכט מיט אַ קעניגליכן פּאַראַד קיין לאַמזשע. די איינוואוינער פון שטאָדט האָבן דאַן מאַניפעסטירט זייער אומבאַגרע־ניצטע תורה ליבשאַפט, וועלכע איז איינגעוואָרצלט טיף אין זייערע הערצער. די שטאָדט האָט זיך געזעגנט אויסגעליידיגט פון איהרע אידישע איינוואוינער. אַלע, פון גרויס ביז קליין, זענען ארויס אויסערן שטאָדט, אויסגעפּוצטע און באַקליידט מיט יום טוב׳דיגע קליידער, כדי אויפצונעהמען דעם נייעם רב און איהם מיטטיילן דעם געהעריגן כבוד. אַלעמענס הערצער זענען פוהל געוואָרן מיט פרייד־כוואַליעס, אין דעם מאָמענט וואָס דער פּראַכט וואָגן אויף וועלכן דער רב איז געזעסן, האָט זיך דערנעהנטערט צו די טויערן פון שטאָדט, און די אויגן האָבן זיך אָנגעטראָפן אין די ליכטיגע און שטראַלנדיגע געשטאַלט פון דעם רב, ווען מען געזיכט עס האָט געשיינט און געלויכטן ווי די זון.

אין יענעם טאָג איז לאַמזשע געוואָרן באַפרידיגט, בעקומענדיג איהר וואונטש. רבי יהושע לייב איז געוואָרן פאַר דער שטאָדט אַ געטרייער פּאַסטוך און אמת׳ער וועג־ווייזער. די קרוין, וואָס איז אַפּגעטהון געוואָרן מיט דער פּטירה פון דעם פאָטער, האָט זיך יעצט אומגעקערט צוריק אויפן אָרט, מיטן אויפקומען פון דעם זוהן.

דער אויפשטייג פון רבי יהושע לייב אויף דער רבנות־שטוהל, האָט אויפגע־עפנט אַ נייעם גאָלדענעם בלאַט אין דער רבנות געשיכטע פון לאַמזשע, און זי האָט אָנגעזאָגט אַ ווייט געהענדיגע ווענדונג אין דער אָנפיהרונג פון דער קהלה. אַ באַזירטע תורה קעניגרייך, אַ דערהויבונג פון אַלע שטאָדט פּאָזיציעס און ארייננדרינגען אין זיי אַ גייסט פון קדושה און טהרה.

רבי יהושע לייב האָט איבער גענומען אין זיין האַנד דעם שטאָדט רודער, און זיין געבענטשטע ווירקונג האָט זיך גאָר שנעל פאַרשפּרייט איבער די גאַנצע שטאָדט מיט דעם אומגעגנד, און מיט זיין שאַרפע און אויפריכטיגע אויג האָט ער געוואַכט איבער אַלע איינריכטונגען און געזעלשאַפטליכע ענינים פון דער קהלה אָן פחד און מורא פאַר קיינעם.

מיטן אָנקומען פון רבי יהושע לייב קיין לאַמזשע, איז די שטאָדט פאַר־הייליגט געוואָרן מיט אַ צוגאָב פון קדושה, און ווירקליך אין דער גאַנצער צייט וואָס רבי יהושע לייב האָט זיך געפונען אין לאַמזשע, האָט זיך די גאַנצע שטאָדט געפיהלט דערהויבן און זיך געגרויסט דערמיט. אַ לאַמזשער איד וועלכער פלעגט קומען אין אַ אַנדער שטאָדט פלעגט אַרויפברענגען אויף זיינע ליפּן מיט איינגע־האַלטענעם שטאָלץ דעם נאָהמען פון זייער גרויסן רב. לאַמזשער אידן האָבן

שטאַלצירט מיט די תורה און קדושה פון זייער רב און זיך גליקליך געשעצט מיט דער אָנפיהרונג און שיצונג פון זייער גרויסן רב.

## דער גובערנאטאר איז נישט צוריקגעקומען

א קורצע צייט נאָכן אויפשטייגן פון רבי יהושע לייב אויף דער רבנות שטוהל אין לאָמזשע, האָבן די איינוואוינער פון שטאָדט זיך איבערצייגט אין דער באַדייטונג פון זיין שטייגער פיהרונג, און וואָס פאַר אַ הויכע גייסטיגע קראַפט עס רוהט אין דעם קערפּער פון דאָזיגן הייליגן מאַן, וועלכער איז נאָך נישט אַלט קיין גאַנצע דרייסיג יאָהר.

די מעשה איז אַזוי געווען:

די רעגירונג האָט אין יענער צייט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ וועלכער פאַר־פליכטעט אַלע תלמודי תורות צו לערנען די לאַנדס־שפּראַך. דער רב וועלכער האָט נאָך פון יוגנד אָן נישט פאַרטראָגן קיין פרעמדע בילדונג, האָט נישט מסכים געווען צו אַיינפיהרן מען זאָל לערנען פרעמדע שפּראַך אין די חדרים און תלמוד תורה. די מלמדים פלעגן נאָכקומען דעם פערלאַנג פון דער רעגירונג אין אַזעלכע צייטן וועלכע זענען נישט טאָג און נישט נאָכט, ווי ערב תשעה באב נאָכמיטאָג א.ד.ג.

האָט זיך דאָרטן געפונען אַ מסור, איז ער אַוועק און פאַר׳מסר׳ט פאַר דעם גובערנאָטאר אַז אין די תלמודי תורה טהוט מען גרינגשעצן אין די געזעצן פון דער רעגירונג, און די קינדער וועלכע ווערן ערצויגן אין די תלמודי תורה לערנען נישט די לאַנדס שפּראַך און קענען זיך נישט באַגעהן מיט איהר.

דער גובערנאָטאָר האָט איינגעלאדנט צו זיך די אָנפיהרער פון דער אידישער קהלה און געפאָדערט פון זיי מען זאָל איהם געבן צו דערקלעהרן פאַרוואָס זיי באַציהען זיך נישט ערנסט צו די רעגירונגס געזעצן און מאַכן זיך דערפון נישט וויסנדיג. די ראשי הקהל האָבן געענטפערט אַז דער דאָזיגער ענין געהער נישט צו זיי, פונקט ווי אַלע אַנדערע רעליגיעזע אַנגעלעגנהייטן וועלכע געפינען זיך אונטער דער אויטאָריטעט פון דעם שטאָדט רב, און ער באַשליסט וואָס צו טהון און ווי זיך צו פיהרן.

דער גובערנאָטאָר האָט געשיקט איינלאַדען דעם רב וועלכער איז באַלד געקומען צו איהם.

דער גובערנאַטאָר דערלאַנגט דעם רב אַ בויגן פּאַפּיר, כדי דער רב זאָל אַליין אָנשרייבן אַ באַפעהל צו זיין קהלה, זיי זאָלן נישט גרינגשעצן אין דער רעגירונגס געזעץ וועגן לערנען די לאַנדס שפּראַך.

דער רב זאָגט זיך אָבער אָפּ. דער גובערנאַטאָר באַפוילט איהם נאָכאַמאָל אָבער דער רב גיט זיך נישט אונטער.

מיט גרויס כעס און מיט אַ דראָהענדיגע מינע ווענדעט זיך דער גובערנאַטאָר צו רבי יהושע לייב׳ן אויסרופנדיג:

— איך מוז יעצט פאַרלאָזן די שטאָדט און אוועקפאָהרן קיין ווארשא צוליב מיינע פריוואַט ענינים און איך האָב נישט גענוג קיין צייט יעצט זיך אָפּגעבן דערמיט, אָבער — פיהרט אויס דער גובערנאַטאָר — ווי נאָר איך וועל קומען צוריק אין שטאָדט, וועל איך דאַן זעהן און אָננעהמען די געהעריגע מיטלען אַז דער רב וועט מוזן חתמ׳ענען אויפן דאָזיגן באַפעהל.

אויף מאָרגן האָט זיך געהערט אין שטאָדט, אַז דער בריק אויף וועלכן דער גובערנאַטאָר האָט געדאַרפט אַריבער פאָהרן, האָט זיך אונטערגעבראָכן בשעת דער גובערנאַטאָר איז געווען אויף איהם און ער איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער און דערטרונקען געוואָרן.

## איין שרעק לאזט נישט צו דעם אנדערן

אַ צווייטער פאַקט, וואו די לאָמזשער אידן האָבן דאַן געזעהן א מוסטער־האַפטע לעבעדיגע בילד פון די גייסטיגע קראַפט פון זייער רב, האָט זיך אָפּגע־שפילט אין יענע צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען דער פוילישער אויפשטאַנד, און ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן פאַר דעם גענעראַל גאַניצקאַ, וועמענס נאָהמען אַליין האָט געוואָרפן אַ שרעק אויף די צוהערער. די דרייסטקייט און קאַלטבלוו־טיגקייט פון רבי יהושע לייב׳ן אין די מאָמענטן פון דער באַגעגעניש האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג. מיר וועלן דאַ אַראָפּברענגען ווי אַזוי איינער פון די שריפט־שטעלער אין יענע צייט בעשרייבט עס מיט זיין סטיל:

צום גאון און קדוש ישראל הרב ר׳ יהושע לייב דיסקין, לאָמזשער רב, איז געקומען אַ באַפעהל ער זאָל זיין גרייט אויף דעם מאָרגנדיגן טאָג, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע פאָרשטעהער פון שטאָדט זיך צו שטעלן און אויפנעהמען דעם גענעראַל גאַניצקאַ, וועלכער וועט ערשיינען מאָרגן ניין א זייגער אינדערפרי, אויף זיין קריגס וועג צו דערדריקן דעם אויפשטאַנד. עס איז נישט פאָרצושטעלן די שרעק און ציטערניש וואָס האָט באַפאַלן די אַלע צו ווען דער נאָמען פון דעם גענעראַל האָט דערגרייכט צו די אויערן. נאָר ער, דער גאון און צדיק, איז געווען דער איינציגער, וועמען עס האָט גאָרנישט באַריהרט, און עס איז נישט געווען קאָנטיג אויף איהם קיין שום ענדערונג, און אויך דער מאָרגנדיגן טאָג, אינדערפרי, איז ער געזעסן ווי זיין שטייגער, פאַרמאַכט און אָפּגעזונדערט אין זיין צימער און נישט אויפגעהערט צו לערנען אפילו קיין סעקונדע. ווען דער זייגער האָט געשלאָגן האַלב נאָך אַכט, האָט מען איהם אַריינגעברענגט זיינע רבנישע ווירדיגע קליידער, וועלכע ער האָט באַלד אָנגעטהון און אַוועק מיט זיין משמש

צום הויף פון דעם גובערנאַטאָר, וואו די אַלע פאַרשטעהער האָבן שוין געוואַרט און זיך גערוכט אויף דעם אָנקומען פון דעם גענעראַל.

די אַלע דאָרטיגע אַנוועזנדע, בעזונדער די אָנפיהרער פון די פאַרשיידענע געמיינדעס מיט די גלחים, זענען געווען זייער צוטומלט. אויף זייערע געזיכטער איז געווען קאָנטיג דער שרעקליכער שטורם וואָס באַהערשט זיי אינגאַנצן, און זייערע אַלע גלידער האָבן געציטערט פאַר גרויס שרעק, וועלכער האָט זיך געשטאַרקט פון מינוט צו מינוט, און נאָר דער רב, דער גאון, ער אליין איז געשטאַנען מיט אַזאַ רוהיגקייט און געמיטליכקייט, ווי עס טרעפט אַמאָל ביי קידוש לבנה, ווען מען שטעהט און מען וואַרט ביז די וואָלקענעס זאָלן זיך צושפרייטן און די לבנה זאָל זיך אויפדעקן.

אַזאַ אויסערגעוויינליכע רוהיגע שטימונג, אין אַזעלכע שרעקליכע מאָמענטן, האָט אַלעמען געבראַכט צו שטוינונג, און שפּעטער, ווען דער רב איז שוין געווען צוריק אין דער היים, האָבן זיך די נאָהנטע מקורבים נישט געקענט איינהאַלטן און געפרעגט וועגן דעם ביים רב. האָט זיי דער גאון אַזוי געענטפערט:

— די מצוה פון "ולא תגורו מפני איש", איז דאָך פונקט ווי אַלע אַנדערע מצוות, וועלכע מען דאַרף אויספיהרן מיט אַלע רמ"ח איברים און שס"ה גידין, און וויבאַלד אַזוי, איך דאָך שוין נישטאָ קיין אָרט אויף וועלכן עס זאָל זיך אָנהאַלטן קיין אַנדערע שרעק און ציטערניש.

— אָבער — האָט דער רב אויסגעפיהרט אין זיין גרויס עניוות — ביי מיין פאָטער, דער גאון און צדיק זצ"ל, איז די דאָזיגע מצוה געווען אַ נאַטירליכע זאַך, און ביי מיר איז עס נאָר א ירושה זאַך...

## ווען דער שוחט נעמט טרינקען

און דעם דאָזיגן גרויסן כלל, פון "ולא תגורו מפני איש", האָט רבי יהושע לייב אויסגעפיהרט אויך אַפילו דאַן ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אייגענע, און אויך דאַן ווען עס האָט געטראָפן אַ נאָהנטן און היימישן, האָט ער זיך נישט אָפּגעשטעלט און זיך נישט אָפּגעהאַלטן צו אויספיהרן זיינע פאָדערונגען.

אין דער צייט וואָס ער האָט אָנגעפיהרט די רבנות אין לאָמזשע, איז געטראָפן געוואָרן פון איהם איינער אַ יחסן און למדן, וועלכער איז געווען אויסגעקאָכט מיט אַלע מענטשן פון שטאָדט. די גאַנצע שטאָדט האָט דערפון אויפגעשטורמט, אָבער דער רב האָט זיך מיט קיין האָר נישט געבויגן.

די מעשה איז אַזוי געווען:

ווען רבי יהושע לייב איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין לאָמזשע, האָט דאָרטן געדינט אַלס שוחט, אַ בעוואוסטער תלמיד חכם מיטן נאָהמען רבי יחזקאל שוחט, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן זיין שטעלע נאָך פון דער צייט וואָס דער גאון

רבי בנימין דיסקין איז געווען רב אין שטאָדט. דער דאָזיגער שוחט איז געווען אַ חשובער איד וועלכער האָט זיך גוט צוגעפּאַסט צו די דאָזיגע שטעלע.

איינמאָל האָט זיך רבי יהושע לייב פאַרקלאָגט פאַר רבי זעליג קאַרעלנשטיין, וועלכער איז געווען פון די חשובע אידן פון שטאָדט און זייער געעהרט און באַליבט ביים רב אין די אויגן, אַז ער איז זייער אומצופרידן דערפון וואָס דער שוחט האָט זיך גענומען צו טרינקען אַלקאָהאָל געטראַנקען, אַ זאַך וואָס קען איהם פאַרשאַדן אין די פעהיגקייט צו פיהלן די פגימות פון חלף. און כאָטש עס איז נישט געווען דעם רב צום הארצן, האָט ער דאָך נישט אָפּגעזאָגט דעם שוחט פון זיין שטעלע, וויבאַלד ער איז דאָך פאָרט געווען אַ גרויסער מומחה און מען האָט איהם געהאַלטן פאַר אַ גרויסן תלמיד חכם און ירא שמים און צו דערצו האָט ער דאָך אַנגעהאַלטן זיין שטעלע פון דער צייט וואָס זיין פאָטער איז געווען רב. רבי יהושע לייב האָט דערפון געהאָט גרויס צער, ער האָט עס אָבער פאַר קיינעם נישט דערצעהלט און עס איינגעהאַלטן אין זיך.

אין יענע צייט איז פריי געוואָרן די שוחט־שטעלע אין דער שטאָדט פּלאָצק, נאָכדעם וואָס דער דאָרטיגער שוחט איז אַוועק פון דער וועלט. אייניגע עסקנים פון דער שטאָדט פּלאָצק האָבן דאָרטן אויפגעגעבן מען זאָל אויפנעהמען אַלס אַ שוחט רבי יחזקאל׳ען פון לאָמזשע, וועמענס נאָהמען עס איז געווען בעקאַנט און באַריהמט אלס שוחט מומחה און אויסגעצייכנטער תלמיד חכם. דער דאָזיגער פאָרשלאָג איז געפעלן געוואָרן ביי די אָנפיהרער פון דער קהלה און זיי האָבן באַלד אַוועקגעשיקט אַ בריף צו רבי יחזקאל׳ען, וואו מען לעגט איהם פאָר אָנצונעהמען די שטעלע אַלס שוחט אין דער שטאָדט פּלאָצק, מיט זייער גוטע באַדינגונגען און אַ פיינעם געהאַלט א.א.וו.

רבי יחזקאל האָט גענומען דעם אויפנאַמס־שריפט און אַריין צו רבי יהושע לייב׳ן זיך מיט איהם איבערלייגן דערויף און באַקומען פון איהם זיין צושטימונג.

רבי יהושע לייב אין זיין גרויס צדקות האָט איהם געענטפערט:

— איך האַלט נישט דערפון!

עס זענען אַריבער עטליכע וואָכן, און רבי יחזקאל באַקומט אַ צווייטע איינלאַדונג פון די פּלאָצקער קהלה פאַרוואַלטונג, וואו זיי באַטאָנען די אויסגע־צייכנטע באַדינגונגען און הויכן געהאַלט וואָס שטעהט איהם פאָר ווען ער וועט קומען צו זיי אַלס שוחט. רבי יחזקאל האָט גענומען דעם איינלאַדונגס־בריוו און ווידער אַריין צו רבי יהושע לייב׳ן צו הערן זיין מיינונג. אָבער דער רב חזר׳ט איבער ווייטער זיינע פריהערדיגע ווערטער: איך האַלט נישט דערפון!

רבי יחזקאל האָט דעריבער נישט אָנגענומען די איינלאַדונג פון די פּלאָצקער אידן און ווייטער אָנגעהאַלטן זיין אַרבעט אין לאָמזשע, אָבער פּלאָצקער אידן האָבן נישט נאָכגעגעבן, זיי האָבן אויסגעקליבן אַ דעלעגאַציע פון צוויי חשובע

אידן, וועלכע זענען אַפּגעפּאָהרן קיין לאָמזשע צו איבעררײדן מיט רבי יחזקאל'ען און ווירקן אויף איהם ער זאָל אָננעהמען די שטעלע.

רבי יחזקאל האָט אויך יעצט נישט געוואָלט אַליין באַשליסן און זיך נישט געאײלט צו ענטפערן אויפן אָרט, ער איז ווידער אריין צום רב און איהם דערציילט וועגן די צוויי שלוחים וואָס זענען געקומען קיין לאָמזשע, איהם אַריבער צו ברענגען קיין פּלאָצק און זיי בעטן זיך ביי איהם ער זאָל נאָכקומען זייער פאַרלאַנג.

דער רב האָט אויסגעהערט זיינע רייד און דאַן געענטפערט:

— אויב זיי זענען געקומען דיר נעהמען און זיי בעטן זיך ביי דיר זייער שטאַרק, און אויך דו ביסט גערן צו געהן מיט זיי, וועל איך דיר מעהר ניט אָפּהאַלטן.

— אָבער — האָט דער רב ווייטער געזאָגט — אויב דו פאָהרסט אַוועק, שטים איך אָפּ אַ צייט פון זעקס וואָכן פון היינט אָן. ביז דאַן קענסטו נאָך חרטה האָבן זיך באַרעכענען און צוריקקומען צו אונז אין שטאָדט אַלס שוחט, אָבער ווען די דאָזיגע זעקס וואָכן וועלן אַריבערגעהן און דו וועסט ביז דאַן נישט צוריקקומען, פאַרלירסטו דיין שטעלע און דו וועסט נישט האָבן קיין שום פאַראיבל אויב איך וועל אויפנעהמען א צווייטן שוחט אויף דיין אָרט.

רבי יחזקאל האָט צוגעשטימט, זיך געזעגנט מיט דעם רב און פאַרלאָזט די די שטאָדט צוזאַמען מיט זיינע באַגלייטער און אָפּגעפאָהרן קיין פּלאָצק.

*

ווען ער איז אָנגעקומען אין פּלאָצק האָט ער צו זיין גרויס איבערראַשונג געטראָפן נישט ווי ער האָט זיך פריהער פאַרגעשטעלט. דער טומל אין שטאָדט איז געווען זייער גרויס. די שטאָדט איז געווען צוטיילט און צושפּאָלטן. אַ טייל איינוואוינער האָבן מיטגעהאַלטן מיט איהם, אָבער דער אַנדער טייל האָט פאַרגעלייגט אַ צווייטן קאַנדידאַט וועלכן זיי האָבן געוואָלט אויפנעהמען אַלס שוחט אין שטאָדט.

די מחלוקת אין שטאָדט האָט זיך געהאַלטן אין איין שטאַרקן. פון טאָג צו טאָג האָט זיך עס פאַרברייטערט און צושפּרייט, די קאָנטראַסטן האָבן זיך פאַר־שאַרפט און קיין אויסוועג איז נישט געווען, און אויב צום אָנהויב איז געווען דער אַיינדרוק אַז דער טייל וואָס האָט געהאַלטן מיט רבי יחזקאל'ן וועט ענדליך אויספיהרן און זיגן, האָט זיך אָבער מיט דער צייט אויסגעוויזן פונקט פאַרקעהרט. זיינע אָנהענגער זענען וואָס אַ טאָג געוואָרן ווייניגער און דאַגעגן דער צווייטער צד האָט זיך געהאַלטן אין איין שטאַרקן און פאַרמעהרן.

רבי יחזקאל איז געבליבן דערווייל אין פּלאָצק און געהאָפט אַז ענדליך וועט זיך די מחלוקת שטילן און ער וועט בלייבן דער שוחט אין שטאָדט. עס האָט זיך אָבער אַנדערש אויסגעלאָזט. דער צווייטער קאַנדידאַט האָט געוואונען און אויסגע־

קליבן געוואָרן אין שטאָדט אַלס שוחט מיט דער מערהייט שטימען, און ביז דערווייל איז אַריבער די צייט־פאַרלענגערונג פון די זעקס וואָכן וואס ער האָט באַקומען פון רבי יהושע לייב׳ן.

ווען רבי יחזקאל האָט געזעהן אַז ער איז באַזיגט געוואָרן, האָט ער איינגע־פּאַקט זיינע פּעקלאַך און צוריק געקומען קיין לאָמזשע, מיט דער האָפענונג צו באַקומען צוריק זיין פריהערדיגע שטעלע, אַלס שוחט פון שטאָדט. ער איז אריין צום רב, און פונאַנדערגעוויקלט פאַר איהם די מגילה פון פיין און יסורים וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן אין די קורצע צייט וואָס ער איז געווען אין פלאָצק, און אַז ער האָט גרויס חרטה דערפון וואָס ער האָט זיך דעמאָלס געלאָזט איבעררריידן און פאַרלאָזן די שטאָדט לאָמזשע.

רבי יהושע לייב לאָזט איהם אָבער אָנמערקן:

— אָבער דאָ אין שטאָדט זענט איהר דאָך מעהר קיין שוחט נישט. די צייט וועלכע איך האָב אַייך געגעבן איז שוין אַריבער און ממילא האָט איהר דאָ מעהר קיין אָנהאַלט נישט.

*

פוהל מיט אנטוישונג האָט רבי יחזקאל פאַרלאָזט דאָס הויז פון רב און זיך אויסגערעדט זיין פאַרביטערטע האַרץ פאַר זיינע פריינד, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגענומען און אַריין צום רב איהם בעטן ער זאָל פאַרלייכטערן זיין פסק און צוריקקעהרן רבי יחזקאל׳ען אויף זיין שטעלע.

דער רב האָט זיי אויסגעהערט און צו זיי אַזוי געזאָגט:

— ווען איך בין געקומען קיין לאָמזשע, האָב איך שוין געטראָפן רבי יחזקאל׳ען אָנהאַלטנדיג די שוחט־שטעלע. נישט איך האָב איהם אויפגענומען אַלס שוחט, ער האָט אָבער ווייטער אָנגעהאַלטן זיין אַרבעט וואָס ער האָט ביז דאַן געטהון. ווען מען האָט איהם געבעטן אַריבערקומען קיין פלאָצק, האָב איך איהם געראַהטן ער זאָל נישט פאָהרן, ווען ער איז צו מיר צוגעשטאַנען, און דווקא געוואָלט פאָהרן, האָב איך איהם געגעבן אַ צייט פאַרלענגערונג פון זעקס וואָכן. ווען די צייט איז אַריבער און ער איז נישט צוריק געקומען, האָט ער פאַרלוירן זיין חזקה צו אָנפיהרן ווייטער מיט די היגע שחיטה, און פאַקטיש איז ער שוין מעהר דאָ קיין שוחט נישט, נאָר וואָס דען? איהם אויפנעהמען פון דאַסניי אַלס שוחט אין שטאָדט? איך וועל איהם נישט אויפנעהמען!

וואָס האָבן געטהון די גוטע פריינד פון רבי יחזקאל׳ען? מוצאי שבת קודש, נאָך מלוה מלכה, וואו זיי האָבן צוזאַמען פאַרברענגט, האָבן זיי אָפּגעשמועסט צו געהן צום רב און פאָדערן ביי איהם ער זאָל נאָכגעבן און אויפנעהמען רבי יחזקאל׳ען ווייטער אַלס שוחט פון שטאָדט.

די גרופּע פריינד זענען געקומען צום רב אין שטוב, און אויף זיין פראַגע צוליב וואָס זיי זענען געקומען צו איהם אין מיטן דער נאַכט, האָבן זיי אָנגעהויבן

צו פאַרטיידיגן רבי יחזקאל'ען, וועלכן מען האָט ענטזאָגט פון דער שטעלע וואו ער דינט שוין דרייסיג יאָהר אלס שוחט.

דער רב, ווי זיין שטייגער, האָט איבערגעחזר'ט וואָרט ביי וואָרט אויף זיינע פריהערדיגע רייד, און זיך נאָכאַמאָל אויסגעדריקט אַז ער איז נישט גרייט איהם אויפצונעהמען פונדאָסניי אַלס שוחט אין שטאָדט. די אַנוועזענדע ביים רב אין שטוב פרעגן איבער נאָכאַמאָל וואָס איז די סיבה דערפון, דער רב ענטפערט: מיינע מאָטיוון וועל איך פאַר אייך נישט אויפדעקן.

ווען די גרופּע האָט געזעהן אַז דער רב איז פעסט אַנטשלאָסן ביי זיך נישט נאָכצוגעבן, האָבן זיי גענומען רעדן אַ ביסל שטרענגערע רייד און געפאָדערט מען זאָל זיי נאָכגעבן. רבי יהושע לייב האָט זיך דאַן אַנגעהאַלטן אין ביידע אַנשפּאַרער פון זיין בענקל און אַ דונער געטהון:

— קריגן ווילט איהר זיך מיט מיר ?!...

די אַנוועזענדע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, און דערשראָקענע פאַר דער לייבן געשריי האָבן זיי באַלד פאַרלאָזט דעם רב'ס הויז.

*

די גוטע פריינד פון רבי יחזקאל'ען האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אויף אַ זיצונג און באַשלאָסן צו מאַכן דעם לעצטן פּרוב כדי צו ראַטעווען זייער חבר, אַריבערצופיהרן דעם גאַנצן אַנגעלעגנהייט צו איינעם פון די גאוני הדור, און ווי אַזוי ער וועט באַשליסן אַזוי זאָל מען טהון. זיי האָבן אויסגעקליבן דעם גאון ר' יצחק מאיר זצ"ל, גערער רבי און מחבר פון ספר "חדושי הרי"ם", מען האָט אָפּגעשריבן די אַלע טענות און עס אָפּגעשיקט צו איהם וואַרטנדיג אויף זיין אורטהייל.

דער ענטפער פון דעם גאון בעל חידושי הרי"ם האָט זיך לאַנג נישט פאַרזאַמט און מיט דעם איז אויך געקומען זייער גרויס ענטטוישונג. זיי האָבן אויפגעעפנט דעם בריוו, וועמענס אינהאַלט עס איז געווען: "חס וחלילה צו ווידערשפעניגן די רייד פון דעם לאָמזשער רב".

און דער שטורעם איז איינגעשטילט געוואָרן.

*

איבעריגנס, איז רבי יהושע לייב געווען פריינדליך שטאַרק פאַרבונדן מיטן חידושי הרי"ם נאָך פון לאַנגע יאָהרן צוריק, און שטענדיג ווען גערער חסידים פון די לאָמזשער איינוואוינער פלעגן קומען צום חידושי הרי"ם, פלעגט ער זיך נאָכפרעגן ביי זיי אויף זייער רב, וואָס ער מאַכט און ווי ער פיהלט זיך.

די דאָזיגע פריינדשאַפט שטאַמט פון אַ פריהערדיגע באַגעגעניש צווישן די צוויי גאונים. דאָס איז געווען אין דער שטאָדט ווארשא. רבי יהושע לייב האָט דאָרטן פאַרבראַכט אַ קורצע צייט און ער איז אַריין באַזוכן דעם רב, דעם גאון

רבי דוב בעריש מייזליש, וואַרשעווער רב. יענער האָט זיך זייער דערפרייט מיטן דאָזיגן גאַסט און זיי האָבן זיך באַלד אַריינגעלאָזט אין אַ טיפן תורה־שמועס.



רבי דוב בער מייזליש

אין דער צייט וואָס רבי יהושע לייב האָט זיך געפונען ביים וואַרשעווער רב אין שטוב, איז דאָרטן אויך אָנגעקומען דער חידושי הרי״ם און אַלע דריי צוזאַמען האָבן געשמועסט אין לערנען. אין מיטן דעם שמועס האָט דער וואַרשעווער רב פאַרלאָזט דעם צימער וואו די צוויי גאונים האָבן זיך געפונען און אַריינגעגאַנגען אין זיין צימער אין וועלכן ער האָט געדאַרפט אויפנעמען די בעלי דינים וואָס זענען צו איהם געקומען און משפט׳ן צווישן זיי. דערווייל זענען געזעסן די צוויי גאונים און זיך מפלפל געווען צווישן זיך אַ לאַנגע צייט ביז גאָר שפּעט אויפן טאָג.

דער דאָזיגער באַגעגעניש האָט איבערגעלאָזן אויפן גאון חידושי הרי״ם זצ״ל אַ אומפאַרגעסליכן איינדרוק, און פון דאַנען האָט זיך געוומען די אומבאַגרעניצטע פריינדשאַפט און גרויס פאַרעהרונג פון דעם חידושי הרי״ם צו רבי יהושע לייב׳ן.

*

די שטאַרקע האַנד פון רב האָט זיך געהאַט פאַרשפּרייט איבער אַלע רעליגיעזע

ענינים פון שטאָדט און זי האָט זיך גוט געפיהלט. אין דער צייט פון זיין רבנות, האָט קיינער זיך נישט געוואגט צו באַריהרן אפילו מיט אַ קלייניגקייט כדי צו ענדערן די שטאָדט אָרדענונגען. דעם רב׳ס סטעמפל איז געלעגן איבער אַלעס, און צו זיינע רייד האָבן זיך אַלע צוגעהערט. מיט זיין שאַרפע אויג האָט ער געוואַכט איבער אַלע ענינים פון זיין קהלה.

א קליינער שפּאַלט וואָס האָט זיך געלאָזט באַמערקן אין די מויערן פון דער רעליגיע, אַ ברעקל השכלה אויב עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט ערגעץ וואו, און זיין ריינע נשמה האָט זיך באַלד אָנגעצונדן און אויפגעפלאַקערט אין ברענענדיגן פייער, זיין לויטערע הארץ האָט געשטורמט ווי אַ וואולקאַן, ער האָט געליאַרעמט און גערודערט און נישט געקענט בלייבן רוהיג ביז די שטערונגען זענען באַזייטיגט געוואָרן.

זיין פלייסיגע אַרבעט צו זאָרגן פאַר די געזעלשאַפטליכע אָנגעלעגנהייטן וואָס באַלאַנגען צום שטאָדט און פון דער אַנדער זייט, זיין כסדר׳דיגער לערנען תורה פאַר זיך און מיט זיינע תלמידים, ווי אויך פסקנען אַלע דיני תורות וואָס זענען פאַר איהם פאָרגעקומען, האָט איהם אַריינגעפיהרט אונטער אַ שווערן לאַסט און פיהל אַנשטרענגונג, וואו דער אָפּקלאַנג הערט זיך אַרויס פון זיינע תורה שריפטן.

שוין אין יאָהר תר״ה, ד. ה. דעם ערשטן יאָהר פון זיין רבנות אין לאָמזשע, שרייבט ער שוין: ״איך האָב זיך פאַרשפּעטיגט צו ענטפערן ביז יעצט, צוליב די שטאָדטישע אָנגעלעגנהייטן וועלכע ליגן אויף מיינע פּלייצעס, וואו פיהל מענטשן באַרינגלען מיר אין זאַכן וואָס פאָדערן באַלדיגע ענטשיידונג. ווי קען איך זיך אָפּזאָגן דערפון אָדער מבטל זיין מיינע באַשטימטע שיעורים. ווי גליקליך בין איך ווען איך האָב אַ רוהיגע מינוט פאַר מיר אַליין״.

אין אַנדערע ערטער שרייבט ער:

״דאָס איינגאַנצן האָב איך אויפּגעהערט צו שרייבן מיט וויניג אַריינטראַכטן, ווייל איך בין זייער באַלעסטיגט און פיהל שטעהען איבער מיר״. ״און דערפאַר וואָס איך בין אַזוי פאַרנומען האָב איך קוים עפּעס אַ בליק געטהון אויף דיינע רייד״. ״שוין אַ מאָנאַט צייט וואָס איך האָב דערהאַלטן זיין בריף מיט די חידושי תורה און פונדעסטוועגן האָב איך נאָך נישט אויסגעפיעט אַריינקוקן דעריין, צוליב דעם שווערן יאָך וואָס ליגט אויף מיר, יעצט, אַרום האַלבע נאַכט, ווען קיינער איז ביי מיר נישטאָ האָב איך זיך אָוועקגעריסן אויף אַ מינוט דיר צו ענטפערן, אָבער זייער אין קורצן״. א.א.וו.

## ער האָט אויסגעקליבן

אויסער דעם שווערן לאַסט פון די שטאָדטישע אָנגעלעגנהייטן וועלכע האָבן איהם געדריקט און געלעגן אויף זיינע פּלייצעס ווי אַ שווערער יאָך, האָט איהם

דאַן געטראָפן זייער שווער, ווען זיין יוגנד־פרוי, די צדיקת מרת הינדא רחל איז זייער פריה אַוועק פון דער וועלט, איבערלאָזנדיג איין איינציג קינד, יצחק ירוחם, וועלכן זי האָט געבוירן אין יאָהר תקצ״ט.

רבי יהושע לייב האָט מקבל געווען אויף זיך די דאָזיגע גזירה מיט באַרעכטיקונג און זיך גענומען אָפּגעבן מיט זיין איינציגן קינד. געלערנט מיט איהם און ערצויגן אויף זיין שטייגער. דערפון האָט רבי יהושע לייב געהאַט גרויס פארגעניגן און געפונען טרייסט אין זיין שווערן קלאַפּ, ווי ער שרייבט אין איינע פון זיינע תשובות: ״מיין זוהן, זאָל לעבן, לערנט מיט מיר און איז אַ דאַנק דעם אויבערשטן, זייער מצליח. זאָל איהם דער אויבערשטער ווייטער אַזוי פיהרן״. און ווירקליך איז ער טאַקע אויסגעוואָקסן אַלס גרויסער גאון.



רבי יצחק ירוחם דיסקין

דער דאָזיגער זוהן, דער גאון רבי יצחק ירוחם, פלעגט דערצעהלן, אַז אין יענע צייט ווען זיין מוטער איז געשטאָרבן און ער איז נאָך געווען יונג, פאַר בר מצוה, איז ער געווען זייער דערשלאָגן און טרויעריג. ווען זיין פאָטער האָט געזעהן

ווי שטאַרק צובראָכן ער איז, האָט עס איהם דערגאַנגען צום האַרצן, איז ער צו איהם צוגעגאַנגען אין מיטן די שבעה און צו איהם אַזוי געזאָגט:

— וויסן זאָלסטו אַז עס איז געווען אַ גזירה מן השמים, די ברירה איז געווען ביי מיר אין האַנד אויסצוקלייבן אָדער די מאַמע זאָל בלייבן לעבן אָדער דאָס קינד, האָב איך אויסגעקליבן דעם קינד, און עס איז זיכער ביי מיר אַז ווען מען וואָלט פאַרגעלעגט פאַר דיין מוטער זי זאָל באַשליסן ווער עס זאָל פאַרלאָזן די וועלט און ווער עס זאָל בלייבן לעבן, וואָלט זי אויך אויסגעקליבן ווי איך.

— די דאָזיגע רייד פון מיין פאָטער — האָט רבי יצחק ירוחם אויסגעפיהרט — האָבן געמאַכט אויף מיר אַ זייער טיפן איינדרוק, און באַלד געווירקט אַז מיין דערשלאָגנקייט זאָל מיר פאַרלאָזן.

*

אין יאָהרן אַרום האָט רבי יהושע לייב גענומען זיין צווייטע פרוי, די באַוואוסטע צדיקת און רביצין מרת שרה (סאָניא) די טאָכטער פון דעם גביר און נכבד רבי צבי הירש ראַטנער, אַ גרויסע מיוחסת, אַ אייניקל פון דעם גאון מחבר פון ספר "עטרת ראש" און דער גאון רבי אלעזר לאַנדאָ, מחבר פון ספר "יד המלך" און פון דעם באוואוסטן צדיק רבי יוסף יאָסקע, וועלכער איז געווען פויזנער רב און א אייניקל פון דעם גאון דער נודע ביהודה זצ"ל.

די רביצין שרה איז געווען באַגאַבט און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט חשובע מעלות. זי איז געווען זייער קלוג, פעהיג און שטאָלץ און צו דערצו זייער אַ גרויסע צדיקת. זי איז געווען די רעכטע האַנד פון איהר גרויסן מאַן ביז זיין לעצטן טאָג. געפיהרט די שטוב מיט די גרעסטע הידורים און חומרות, ווייל אַזוי האָט איהר רבי יהושע לייב באַפוילן, זי זאָל מחמיר זיין אַפילו אויב עס איז דאָ דערביי נאָר איין דעה אין שולחן ערוך וואָס האַלט לחומרא. זי האָט אָנטייל גענומען אין יעדע גוטע און עפעקטיווע זאַך, אויסגעהאַלטן און באַזאָרגט פאַר אָרעמע פאַמיליעס אין וואָס זיי נויטיגן זיך, און דאָס אַלץ אין דער שטיל, באַהאַלטענערהייט, אָן טומל און רעקלאַמע. און אויך אין די לעצטע יאָהרן, ווען רבי יהושע לייב האָט געגרינדעט דעם וויכטיגן מוסד "בית יתומים דיסקין" איז זיין פרוי געווען די הויפט טהוערין און זי האָט אַריינגעלעגט פיהל כחות און געאַרבעט פלייסיג מיט אַלע קרעפטן אַז דער דאָזיגער מוסד זאָל קענען ערפיהלן די פליכטן וואָס מען האָט דערוואַרט פון איהם.

די משכילים וועלכע זענען שווער פאַרפאַלגט געוואָרן דורך רבי יהושע לייב'ן, און האָבנדיג מורא זיך צו שטעלן אין קאַמף קעגן דעם גאון, וועמענס נאָהמען עס איז געווען זייער פאָפולער און ער איז געווען געשעצט און געעהרט איבער דער גאַנצע וועלט, האָבן אויסגעדרעהט זייער בויגן צו דער רביצין און געציהלט אין איהר זייערע גיפטיגע פיילן. די אַלע משכילישע צייטונגען פון יענע צייט פלעגן אָפדרוקן אָן אַ שיעור גיפטיגע אַרטיקלען אויף דער רעכענונג פון דער

בריסקער רביצין און איהר באַשמוצט און געזידלט ווי דעם ערגסטן אויף דער וועלט. אָבער די רביצין, אין איהר גרויס צדקות, האָט זיך דערפון גאָרנישט באַליידיגט און זיך נישט גענומען צום האַרצן פון זייערע אַלע זידלערייען, נאָר זי האָט אויסגעפיהרט איהרע פליכטן אַזוי ווי פריהער, שטעהענדיג צו דער זייט פון איהר מאַן מיט גרויס רעספּעקט און באַדינען איהם מיט די גרעסטע געטריי־שאַפט און איבערגעבנקייט.

*

כאָטש רבי יהושע לייב איז געווען אַזוי פאַרנומען ביז איבערן קאָפּ מיט די אַלע שטאָדטישע אַנגעלעגנהייטן און געזעלשאַפטליכע ענינים, איז אָבער זיין התמדה אין לערנען געווען אויסערגעוויינליך און ער האָט כמעט קיין איין סעקונדע נישט אויפגעהערט, סיי צו לערנען און סיי צו האַלטן זיינע שיעורים פאַר זיינע תלמידים.

לאָמזשער אידן וועלכע האָבן זיך אַליין אויך אויסגעצייכנט אין התמדת התורה, פלעגן זיך נישט קענען אָפּוואונדערן צוזעהענדיג צו דער התמדת התורה פון זייער גרויסן רבין. אַזאַ גרויסע מאָס פון התמדה האָבן זיי נאָך אויף זייער לעבן נישט געזעהן.

טאָג און נאַכט, אָן אויפהער, האָט מען כסדר געזעהן רבי יהושע לייב׳ן ווי ער לערנט כסדר, נאָכאַנאַנד, סיי זיצנדיג און סיי געהענדיג, ביז ער פלעגט נישט געהן קיין פיהר איילן אָן תורה און תפלה. די לאָמזשער אידן האָבן נישט געקענט באַגרייפן פון וואו עס נעמט זיך צו איהם אַזאַ מורא׳דיגע קראַפט פון התמדה און זיי זענען געווען ערשטוינט ווי אַזוי אַ מענטש קען אַזוי פיהל לערנען נאָכאַנאַנד, אָן אויפהער. לויט ווי עס זאָגט עדות זיין תלמיד פון לאָמזשע, דער גאון רבי ירוחם פישל פערלא, דער מחבר פון דעם גרויסן פירוש אויף דעם ספר המצוות פון רבינו סעדי׳ גאון, פלעגן לאָמזשער אידן רופן רבי יהושע לייב׳ן מיטן צונאָהמען: „דער מלאך".

מעהרסטנסטייל פלעגט ער לערנען שטעהענדיגערהייט, אָפטמאָהל פלעגט ער שטעהן אויף די פיס שעה׳ן נאָכאַנאַנד און לערנען צוגעשמידט צו איין אָרט, אָפטמאָהל האָט מען איהם אויך געזעהן ווי ער שפּאַנט אין זיין צימער אַהין און צוריק, די גרויסע גמרא מיט די הילצערנע טאָוולען ליגט אויסגעשפּרייט אויף זיינעביידע הענד און ער שפּרייזט אַרום, זייענדיג אינגאַנצן פאַרטיפט אין לערנען, און זיין געזיכט פלאַמט ווי אַ פייער.

*

לאָמזשע האָט אויך געלערנט פון איהר רב און געזעהן ביי איהם די מוסטער־האַפטקייט וואָס עס הייסט הרבצת התורה.

אַ פּראַקטיגע ישיבה האָט רבי יהושע לייב אויפגעשטעלט אין צענטער פון שטאָדט, צו וועלכן עס האָבן זיך געצויגן עילואישע בחורים, בעלי כשרונות פון

ווייט און פון נאָהנט, און דער רב פלעגט האַלטן פאַר זיי טיפזיניגע שיעורים טאָג טעגליך, ווי אויך ערב שבת און שבת (אויסער ערב יום כפור, ווען ער פלעגט דעם טעגליכן שיעור זאָגן יום כפור ביינאַכט נאָכן דאַווענען). ער האָט זיך באַצויגן צו זיינע תלמידים מיט פאָטערליכע ליבשאַפט און מיט זיי געלערנט דעם דרך ה׳.

אויך מיט די בעלי בתים פון שטאָדט האָט ער געהאַט אָפּגעשטימט אַ טעגליכן שיעור אין גמרא, וועלכע ער פלעגט לערנען אין פשטות, געגעבן צו פאַרשטיין אַלע שווערע שטעלעס מיט די פאַרשטענדליכסטע ווערטער, און ענטפערן אויף יעדער פשוטע פראַגע וואָס מען האָט איהם פאַרגעלעגט ביים לערנען.

מען דערצעהלט אז די לאָמזשער לומדים פלעגן אָפט קומען אין שטאָדטישן בית המדרש און זיך צוקוקן צום גרויסן וואונדער, ווי אַזוי דער רב בייט איבער זיין גאונישע געשטאַלט און טהוט זיך אָן אַ גאָר פשוטן געשטאַלט אַראָפּלאָזנדיג זיך צום המון עם.

*

אויסער זיינע טאָג טעגליכע שיעורים, פלעגט זיין דער שטייגער פון דעם רב זיך אָפּצושליסן נאַכט ביי נאַכט מיט דעם בעסטן פון זיינע תלמידים און האָבן מיט איהם אַ טיפזיניגער שיעור א צייט פון זעקס שעה נאָכאַנאַנד.

איינער פון די תלמידים וואָס האָט געהאַט די זכי׳ צו לערנען ביים רב און זיך אָפּשליסן מיט איהם ביי די דאָזיגע נאַכט שיעורים, שטעלט פאַר מיט איניגע שטריכן דעם שטייגער פון זיין לערנען:

— אין דער צייט פון דעם שיעור פלעגט ער זיך אָפט פאַרטיפן און שטעהן צוגעשמידט צום אָרט פאַרטראַכט און דרינגט אַריין טיף טיף אין דעם ענין וואָס מען האָט געלערנט. צו ביסלאך האָט ער זיך גענומען אויפוואַכן און זיינע ליפן האָבן שטיל געשעפטשעט, ווי פאַר זיך, פאַרשידענע סברות און גענג אין דעם ענין וואָס מען האָט געלערנט. טאָמער האָט ער נאָך אַלץ נישט געפונען קיין קלאָהרן וועג ווי אַזוי אויסצוגלייכן און פאַרענטפערן אַלע שוועריגקייטן, האָט ער געבעטן דעם תלמיד ער זאָל פאַרזאָגן, הויך אויפן קול דעם לשון פון דער גמרא, וואָרט ביי וואָרט, אין דער זעלבער צייט האָט ער גענומען שפרייזן איבערן צימער, אינגאַנצן קאָנצענטרירט אין דעם ענין. מיט אַמאָל האָט פון זיינע אויגן גענומען גיסן טרערן און מיט א געוויין האָט ער זיך פעררוקט אין אַ ווינקל און געבעטן מיט אַ צובראָכן האַרץ: רבונו של עולם, העלף מיר אַרויס, בעלייכט מיינע אויגן איך זאָל באַגרייפן און פאַרשטעהן דיין תורה! דערנאָך האָט ער אָפּגעזאָגט ווידוי, אַראָפּגענומען און געגעבן צדקה פאַר די קופה פון רבי מאיר בעל הנס. זיינע אויגן האָבן דאַן אויפגעלויכטן און דער ענין איז ביי איהם באַלד קלאָהר געוואָרן.

לויט ווי יענער תלמיד דערצעהלט פלעגט גאַנץ אָפט פאַרקומען אַזעלכע פאַלן.

## דער אדרעס פאַר די שווערסטע פּראָבלעמען

זיין געצעלט איז געווען אין לאָמזשע, אָבער זיין תורה־נעץ האָט זיך פאַר־שפּרייט איבער ווייטע לענדער. די עלטסטע גאונים פון יענעם דור פלעגן זיך ווענדן צו איהם נאָך אין די פריהסטע יאָהרן פון זיין רבנות, ער זאָל אַרויסגעבן זיין פסק איבער פאַרשידענע הלכה פראַגן, הערן זיין מיינונג אין די שווערסטע פּראָבלעמען, און רבי יהושע לייב האָט קיינמאָל זיך נישט אָפּגעהאַלטן צו ענטפערן פאַר די פיהל אָנפרעגערס אָבער דער עיקר אין אָנגעלעגנהייטן וואָס באַלאַנגען פאַקטיש. זינט ער איז אַרויף אויף דער רבנות־שטוהל האָט ער זיך קיינמאָל נישט צוריקגעצויגן פון קיין שום פסק אָדער פראַגע, עס האָט געמעגט זיין ווי שווער און קאָמפּליצירט, וואו די פאַראַנטוואָרטליכקייט איז דאַן זייער גרויס.

ער האָט זיך אויך פלייסיג אָפּגעגעבן אַרויסצוהעלפן די אידישע פרויען וועלכע זענען געווען עגונות און פיהל פון זיי האָט ער אויפגעבונדן פון זייער עגונה קייטן.

באַלד נאָכדעם וואָס ער איז אָנגעקומען אין לאָמזשע, האָט פּאַסירט אַז אַ איד איז פאַרשוואונדן און ערמאָרדעט געוואָרן אויף אַ מיסטעריעזן וועג. זיין פרוי איז געבליבן א עגונה. דער ענין איז געווען זייער פאַרדרעהט און קאָמפּליצירט, און דער אָפּקלאַנג פון די דאָזיגע פּאַסירונג איז געווען זייער שטאַרק. רבי יהושע לייב האָט זיך אַריינגעלעגט אין דעם ענין און אויסגעלייזט די פרוי פון צו בלייבן א אייביגע עגונה.

רבי יהושע לייב האָט אויסגעאַרבעט אַ היתר וועלכער האָט ערשטוינט אַלע גאונים פון דור. פון דאַן אָן האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען עגונות פראַגן צום לאָמזשער רב אין שטוב פון נאָהנט און פון ווייט, און די רבנים פון די גרויסע אידישע קהלות האָבן געווענדעט זייערע שאלות צו רבי יהושע לייב׳ן קיין לאָמזשע.

*

אין דער צייט וואָס ער איז געווען אין לאָמזשע, איז געקומען צו איהם אַ פרוי, וואו איהר מאַן איז דערטרונקען געוואָרן אין דעם טייך דניעפּער. די פרוי האָט זיך געבעטן מען זאָל איהר אויפבינדן פון איהרע עגונה־קייטן אָבער קיינער האָט איהר נישט געקענט העלפן.

דער ענין איז געווען זייער פאַרנעפּלט און עס האָט זיך נישט געזעהן קיין ברעקל שיין און נישט קיין אָנהויב ווי אַזוי צו צוגעהן צו דעם ענין. רבי יהושע לייב איז געווען דער איינציגער וואָס איז אַרויס העלפן דער דאָזיגער אומגליק־ליכער פרוי און ער האָט געהאַט גרויס ערפאָלג, צו דער גרעסטער איבערראַשונג און פאַרוואונדערונג פון די גאונים פון רוסלאַנד, וועלכע האָבן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט צום אויסגאַנג און קלאָרמאַכונג פון דער דאָזיגער פראַגע.

דאָס מאָהל האָט רבי יהושע לייב אויסגעבויעט אַ היתר וועלכער איז געווען באַגרינדעט אויף זיבן און פופציג סימנים (געדרוקט שפעטער אין זיין ספר שו״ת מהרי״ל דיסקין וועלכער איז ערשיינען אין ירושלים). דאָרטן האָט ער אַרויסגע־וויזן עטוואָס פון די ריזיגע גאונישע כחות וואָס דער באַשעפער האָט איהם באַשרענקט, און וועלכע האָבן איהם דערהויבן איבער די מענטשן פון זיין דור.

*

פון זיינע פיהל שריפטן קען מען באַקומען אַ שטיקל באַגריף מיט וואָס פאַר א מאָס האָבן זיך די רבנים דאָן געווענדעט צו איהם ער זאָל צושטעהן צו די שווערע ענינים פון עגונות און זיי האָבן דערוואַרט אויף זיין דעצידירונג.

עס איז דאָ אַמאָל ווען ער שרייבט: ״איך האָב נישט געקענט אָפּזאָגן די צושטייאונג פון דעם פאָטער פון די דאָזיגע עגונה... כאָטש זי האָט שוין באַקומען אַ היתר פון דעם לובלינער רב״. אָדער: ״וויבאַלד דער אַסטראָווער רב האָט איהר געשיקט צו מיר קען איך איהר נישט אָפּזאָגן״. און ווייטער: ״וועגן די עגונה, וואָס צוליב זיין גרויס עניוות וויל ער איך זאָל מיטשטעהן מיט איהם״ (דער בריף איז געווענדעט צום גאון רבי שמואל אביגדור מחבר פון ספר תנא תוספאה) און נאָך פיהל אַנדערע, וועלכע בעוויזן אַז שוין אין אָנהויב פון זיין רבנות אין לאָמזשע, זייענדיג נאָך גאָר יונג, איז ער שוין באַוואָרפן געוואָרן מיט פראַגן און ווענדונגען צו מיטשטעהן מתיר צו מאַכן פאַרשידענע עגונות.

נישט קוקנדיג אויף די פיהל פאַרבינדונגען מיט די גאונים פון דור און זיינע פיהל פסקים וועלכע ער האָט ארויסגעגעבן בשפע, איז זיין שמועסן מיט מענטשן און מיט די וואָס פלעגן אָפט קומען צו איהם, געווען זייער אין קורצן. קיין איבעריג וואָרט איז קיינמאָל נישט ארויס פון זיין מויל און זיינע רייד זיינען שטענדיג געווען געוואויגן און געמאָסטן.

דער גאון רבי נפתלי הירץ, יפו׳ער רב, האָט באַצייטגנס זיך אַרויסגעזאָגט זייער טרעפליך וועגן די קלאָהרע שפּראַך פון רבי יהושע לייב׳ן: ״ער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט סיידן ער האָט געפונען עהנליך וועגן דעם אין די חז״ל״.

און ווען עס איז אונטערגעקומען צו איהם אַ פריוואַט ענין אָדער ביי אַ געזעלשאַפטליכן אַנגעלעגנהייט וואו ער האָט זיך געדאַרפט וועגן דעם אַרויסזאָגן, זענען די רייד זיינע געווען געציילט און געמאָסטן, נישט מעהר מיט קיין וואָרט און נישט מיט קיין איבריגן וואָרט. גאָר גרויסע און וויכטיגע ענינים, צווישן זיי אַזעלכע וואָס האָבן אַרומגענומען און באַריהרט די פונדאַמענטן פון דעם גאַנצן אידישקייט, פלעגן פון איהם דעצידירט ווערן מיט איינעם אָדער צוויי זאַץ. וועלט׳ס ענינים וועלכע האָבן זיך געפאָדערט פיהל דענקען און נאָכטראַכטונג, זענען פון איהם ענטשיידט געוואָרן אויפן אָרט, און מעהרסטנסטייל מיט אַ צוויי דריי ווערטער, נישט מעהר.

## א זייטיגע באמערקונג

זיין ענטפער אָדער עצה האָט זיך שטענדיג אויסגעצייכנט אין איהר קירצונג, אָבער זי איז אויך געווען קלאָהר און פעסט. דער אָנפרעגער האָט פאַרלאָזט די הויז פון רב מיט אַ קלאָהרן ענטפער, יאָ צו ניין, טהון אָדער נישט טהון. דער ענטפער איז געווען ווי מען וואָלט אָנגעפרעגט אין דעם אורים ותומים.

צוליב זיינע קורצע ענטפערס, האָט אייניגע מאָהל פּאַסירט וואָס מען האָט נישט דערהערט זייער טיפקייט, און מען האָט נישט רעכט אָפּגעשאַצט די מאָס ערנסטקייט וואָס זענען בעהאַלטן אין די דאָזיגע געציילטע ווערטער וואָס ער האָט געענטפערט פאַר דעם אָנפרעגער. דאָס נישט לעגן קיין אַכט און אָננעהמען זיינע רייד מיט די פוהלע מאָס ערנסטקייט האָט געקענט ברענגען פאַר יענעם גרויס ענטוישונג.

אַזאַ מין דורכפאַל איז אַמאָל געפאַלן אין דער שיקזאַל פון דעם לאָמזשער ראש הקהל, דערפאַר וואָס ער האָט זיך נישט צוגעהערט צו דער עצה פון רב.

די מעשה איז אַזוי געווען:

אין דער צייט פון ניקאָלאַיי דער ערשטער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גרויס שנאת ישראל, האָט מען אין רוסלאַנד אויסברוקירט אַ ריזיגן שאָסיי וועלכע האָט געזאָלט פאַרבינדן פעטערבורג מיט וואַרשא. נאָכדעם וואָס מען האָט געענדיגט אויסברוקירן דעם דאָזיגן שאָסיי, האָט די רעגירונג באַשלאָסן צו פראַווען אַ גרויסע צערעמאָניע לכבוד דעם בענייאונג פון דאָזיגן פּראַכטיגן שאָסיי, זיי האָבן אויסגעשטעלט אַ פּלאַן ווי אַזוי די פייערונג זאָל אָנגעהן, ביי וועלכן דער צאַר ניקאָלאַי בכבודו ובעצמו זאָל באַנייען דעם שאָסיי דורכן פאַראָרדנען אַ קעניגליכן צוג איבער דעם גאַנצן לענג פון דער נייער שאָסיי.

די אָרדנער פון דער רייזע האָבן אויסגעשטעלט, אַז די שטאָדט לאָמזשע, וועלכע געפינט זיך אין מיטן וועג נעבן דעם נייעם שאָסיי, זאָל דינען אַלס מיטל־סטאַנציע וואו דער קעניג זאָל זיך אָפּשטעלן אויף זיין רייזע וועג.

ווען די לאָמזשער אידן האָבן זיך דערוואוסט דערפון, האָבן זיי זיך גענומען צוגרייטן כדי צו אויפנעהמען דעם קייסער מיטן גרעסטן פּראַכט און גלאַנץ. מען האָט זיך גענומען פלייסיג בעפּוצן די שטאָדט, מען האָט אָפּגערייניגט די גאַסן, אויסגעשייערט די הויפן מיט די טראָטוואַרן ווי פאַר אַ יום טוב. די פענסטער פון די הייזער און די וויטרינעס פון די געשעפטן און קראָמען זענען אויסגעציהרט געוואָרן מיט שיינע פאָרהאַנגען און קעניגליכע סימבאָלן, די הייזער זענען פאַראָכטן געוואָרן און די גערטענער זענען אויסגעבעט געוואָרן מיט גרינס און בלומען און פאַרבנרייכע ליכט האָט באַגאָסן די שטאָדט, וועלכע האָט זיך יום טוב׳דיג באַקליידט און איהרע איינוואוינער זענען געוואָרן יום טוב׳דיג געשטימט און אָפּגעוואַרט דעם אָנקומען פון קייסער מיט זיין סוויטע.

האַרט אין מיטן די צוגרייטונגען, איז צום רב אַריינגעקומען איינער פון די שטאָטישע פרנסים, ר׳ ישראל דובינסקי, אַ איד אַ גביר און איש מכובד, זיך דורכצורעדן מיטן רב אויף וואָס פאַר אַ אופן די אידישע קהלה זאָל זיך באַטייליגן אין דעם קבלת פנים און וועגן די אַלע איינאָרדנונגען.

אין מיטן שמועס, וואַרפט רבי יהושע לייב אַריין אַ קליינע זייטיגע באַמערקונג צו ר׳ ישראל׳ן און זאָגט איהם: איך וואָלט דיר געראָהטן דו זאָלסט זיך נישט שטעלן פאַרן קייסער!

די דאָזיגע באַמערקונג, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון רב ביים שמועס, האָט ר׳ ישראל נישט אָנגענומען פאַר ערנסט, און נישט געלעגט קיין אַכט דערויף, עס איז איהם פשוט נישט אַריין אין קאָפּ. וואָרום ווי אַזוי האָט ער זיך דען געקענט פאַרשטעלן, אַז ער, אַלס ראש הקהל און פרנס פון שטאָדט, זאָל זיך אָפּזאָגן פון צו ערשיינען פאַרן קייסער אַלס דעלעגאַט און פאַרשטעהער פון די אידישע געמיינדע און ער זאָל נישט נעמען קיין אָנטייל אין אַזאַ היסטאָרישע פייערליכקייט.

*

עס איז אָנגעקומען דער טאָג וועלכן מען האָט ערוואַרט. דער קייסער מיט זיין סוויטע זענען ערשיינען אין שטאָדט און לויט דער אויפטראָג פון דער אידישע געמיינדע איז רבי ישראל דובינסקי אַרויס מקבל פנים זיין דעם קייסער און ער איז עס געווען וואָס האָט דערנאָך באַגלייט דעם קייסער מיט זיין סוויטע אויף זייער וועג צום אידישן קוואַרטל. ער האָט איהם אויסגעוויזן די אַלע מערקווירדיג־קייטן פון שטאָדט, די שוהלן און בתי מדרשים, די תורה געצעלטן, די פאַבריקן און האַנדלס געשעפטן א.א.וו.

אין דער צייט פון דעם בעזוך איז דער קייסער אויך געגאַנגען באַזוכן דעם אידישן שפּיטאָל וועלכער איז אויפגעשטעלט געוואָרן ביים אַריינגאַנג פון שטאָדט דורך ר׳ ישראל דובינסקי, און וועלכער האָט פערכאַפּט דאָס אויג מיט זיין שיינעם אַרכיטעקטור און געבוי.

אין מיטן דעם בעזוך, האָט דער קייסער געמאַכט אַ באַמערקונג אויף אַ פעהלער וואָס איז לויט זיין מיינונג געמאַכט געוואָרן אין דעם מוסטער פון דעם געבוי. ר׳ ישראל האָט אָבער ערקלעהרט אַז עס איז נישט קיין פעהלער נאָר אַזוי איז דער פּלאַן געווען פון אָנהויב אָן, דער קייסער האָט געשפּאַנט עטליכע טריט אין הויף און ער האָט ווייטער אָנגעוויזן אויף אַ פעהלער וואָס איז געמאַכט געוואָרן ביים פּלאַן פון דאָס הויז, ר׳ ישראל האָט ווייטער גענומען זיך פאַרענט־פערן און אויפווייזן אַז ווי אַזוי עס איז געבויט געוואָרן איז פיהל חשוב׳ער און אַז דער מוסטער איז דורך איהם פאַראויס געפּלאַנט געוואָרן, דער קייסער האָט ווייטער פאָרטגעזעצט זיין בעזוך און ווידער אַמאָל אָנגעמערקט אויף פעהלערן דאָ און דאָרט, און ר׳ ישראל האָלט כסדר אין איין איבערצייגן דעם קייסער אַז עס

איז דאָ קיין שום פעהלער נישט בעגאַנגען געוואָרן נאָר עס איז אַזוי געפּלאַנט געוואָרן פון אָנהויב.

ר׳ ישראל האָט נאָך געהאַלטן אין מיטן זיין ריידן צו איבערצייגן דעם קייסער און בעווייזן זיין גערעכטיגקייט, און די אָפיצירן וועלכע זענען געווען אין דעם קייסער׳ס בעגלייטונג האָבן אָנגענומען ר׳ ישראל׳ן און איהם אָפּגעפיהרט גלייך אין אַרעסט הויז.

דער קעניגליכער געזעץ איז דאַן געווען, אַז אין פאַל ווען דער קייסער קריטיקירט עפּעס, דאַרף דער מענטש, צו וועלכן דער קריטיק איז געווענדעט, זיך מודה זיין און גערעכט געבן פאַרן קייסער, און דערביי גאַראַנטירן צו פאַרריכטן דעם פעהלער. ר׳ ישראל וועלכער האָט פון די דאָזיגע הויף־עטיקעטן נישט געוואוסט, האָט דעריבער, ווען ניקאָלאַיי האָט איהם אָנגעוויזן אויף די פעהלערן, אַנשטאָדט ער זאָל צושטימען מיטן קייסער׳ס רייד און איהם פאַרזיכערן עס צו פאַרריכטן האָט גאָר פרובירט איבערצייגן דעם קייסער אַז זיין קריטיק האָט נישט קיין אָרט.

די נכבדים פון שטאָדט האָבן נישט געקענט רוהען מיטן אַרעסט פון ר׳ ישראל׳ן, און אויסגענוצט די געציילטע טעג וואָס דער קייסער האָט זיך געפונען אין שטאָדט, און נאָך פיהל מיה און אָנשטרענגונג האָבן זיי ענדליך גע׳פועל׳ט, מען זאָל באַפרייען דעם אַרעסטירטן ראש הקהל.

שפּעטער, ווען די נאָהנטע פון רבי יהושע לייב׳ן, ווי ר׳ זעליג קאַרעלנשטיין, האָבן איהם געפרעגט, וואָס איז איהם עפּעס איינגעפאַלן צו פאַרהאַלטן פאַר ר׳ ישראל׳ן ער זאָל נישט ערשיינען ביים אויפנאַהמע פון קייסער, האָט דער רב געענטפערט מיט תמימות: ״איך קען איהם פאַר א פּשוט׳ן מענטש און איך האָב זיך פאַרגעשטעלט אַז ער וועט זיך פאַרלירן שטעהענדיג פאַרן קייסער...

✶

לויט ווי אַלטע לאָמזשער אידן פלעגן דערצעהלן — האָט זיך אין דער צייט וואָס רבי יהושע לייב האָט געוואוינט אין לאָמזשע — געפיהלט אין שטאָדט, אַ דערהויבנקייט פון קדושה און טהרה, וואָס לאָמזשע האָט אַזוינס קיינמאָל נישט געפיהלט. זיין הייליגער גייסט האָט געדינט פאַר לאָמזשער אידן ווי אַ טייך וואָס קוועלט פון איהם אַרויס אַ העכסטע אינטואיציע און דערהויבענע פאַרכטיגקייט, אַ געבענטשטער קוואַל וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פון קוועלן קדושה און טהרה, און וועלכער לעשט דעם דורשט פון די אָנפיהרער און פון די וואָס שטעהען אין שפּיץ פון די אידישע געמיינדעס אין יענעם דור.

זיין הויז וועלכע איז געשטאַנען אין צענטער פון שטאָדט, איז געווען גערעכנט אין די אויגן פון די לאָמזשער אידן ווי אַ פייערדיגער בית המקדש וואו די שכינה האָט זיך פון דאָרטן קיינמאָל נישט אָפּגעטהון, ״אתר די ביה יחדון רוחין ונפשין״ — א אָרט וואו עס פרעהען זיך גייסטער און נשמות. זייער אָפּט

זענען לאַמזשער גאַסן איבערפּוהלט געווען פון פרעמדע געסט, וועלכע זענען געקומען פון נאָהנט און פון ווייט און געשטראָמט צום גרויסן רבין, צום "אורים ותומים" פון יענעם דור, ווער צו הערן פון איהם דעם דבר ה׳, און ווער צו באַקומען פון איהם אַ עצה און אָנווייזונג אין אַלע הינזיכטן פון לעבן. לאַמזשע איז אין זיינע יאָהרן געווען די גייסטיגע הויפּט שטאָדט און דער צענטראַלער אָרט פון וואו עס שטראָמט אַרויס אַ ריינע און קלאָהרע ליכט פון אמת.

פינפטער קאַפּיטל

# פון רבנות צו רבנות

(לאַמזשע, מעזריטש, קאָוונע און ווידער לאַמזשע)

לאַמזשע. אלול אין יאָהר תרי״ט.

דער האַריזאָנט איבערן שטאָדט איז פארכמורעט און פאַרוואָלקנט. אַ מאָדנע אַנגעצויגנקייט. ווי אַ צוגאָב אויף די שרעק פון די פאַרכטיגע טעג וואָס דערנענטערן זיך און קומען, דריקט אויך אויף די הערצער אַ בלינדע אינערליכע זאָרג. לאַמזשער אידן פיהלן אין אַ טרויעריגן געשעהעניש וועלכער האַלט ביים אָנקומען. זייער שיקזאַל האָט עס פאַראויסגעזעהן.

א חשובע דעלעגאַציע פון דער שטאָדט מעזריטש פאַרברענגט שוין דאָ איבער אַ וואָך. די שלוחים זעהען אויס זייער פאַרמאַטערט, זייערע געזיכטער פלאַמען, זיי לויפן פון איין ארט צום אַנדערן, שושקען זיך צווישן זיך און ריכטן אָפּ געהיימע זיצונגען און באַראַטונגען. זיי שליסן זיך אָפּ אויך מיטן רב אין זיין צימער, און מען קען בשום אופן נישט אַרויסהאָבן און דערגעהן פון זיי וועגן דעם צוועק פון זייער דאָ פאַרברענגען. זיי האָבן ווי אויפגעהאָנגען אויף זייער מויל אַ שלאָס.

לאַמזשער אידן קוקן אָן די פרעמדע מאָדנע געסט מיט איינגעהאַלטענער פאַרדעכטונג: וואָס טהוען דאָ די מעזריטשער נכבדים ביי זיי אין שטאָדט? וועגן וואָס האַנדלען זיי מיט זייער רבין? צו זענען זיי נישט געקומען אַהער כדי אַוועקנעהמען פון זיי זייער הייליגן רבין?

עס געהען אַרום אין שטאָדט פאַרשידענע קלאַנגען, אָבער קיין קלאָהרע זאַך הערט מען נישט פון קיינעם. אומזיסט האָבן זיך די תלמידים פון דער ישיבה באַמיהט עפּעס אַרויסציהען פון דעם אַלטן רבי זעליג קאַרעלנשטיין, דעם רב׳ס פאַרטרויאונגס מאַן. דער דאָזיגער געטרייער און עהרליכער מאַן וועט זיך נישט ארויסכאַפּן מיט קיין איבריג וואָרט, און צו פרעגן דעם רבי׳ן אליין, ווער וועט עס דען וואָגן?

די טעג זענען אָנגעזאַפּט מיט תפלות און תחנונים צום באַשעפער. אין די שוהלן ציטערט אויף דאָס שאַלן פון דעם שופר, מענטשן שטעהען אויף פאַרטאָג

צו סליחות, און אין אַלע ווינקעלעך מערקט זיך אַז אָט דערנענטערן זיך שוין די פֿאַרכטיגע טעג, די "ימים נוראים".

און דער רב האָט ביי זיך געטראַכט: ביז וואַנען וועל איך באַהאַלטן פון מיינע געליבטע תלמידים און טייערע שטאָדט לייט אַז איך האַלט ביים פֿאַרלאָזן די שטאָדט?

דער רב האָט גערופן צו זיך די היימישע אידן און זיינע נאָהנטע תלמידים און פֿאַר זיי אַנטפּלעקט אַז ער האָט צוגעשטימט צו די ביטעס פון מעזריטש, און ער פֿאַרלאָזט זיין וואוינונג פון לאָמזשע.

די דאָזיגע ביטערע בשורה האָט געטראָפן די לאָמזשער אידן ווי אַ שרעקליכער דונער. דערשלאָגענע האָבן זיי פֿאַרלאָזט דאָס הויז פון רב און געגאַנגען אַהיים, נאָכטראַכטנדיג און נאָכזוכנדיג: צוליב וואָס פֿאַרלאָזט דער רב די שטאָדט? פֿאַרוואָס געהט אַוועק פון זיי דער ארון ה׳? אפשר צוליב עפעס אַ זינד? אפשר האָבן זיי איהם נישט געגנוג מכבד געווען? די רוה פון לאָמזשע איז צושטערט געוואָרן אין יענע נאַכט — די לעצטע נאַכט וואָס דער רב געפינט זיך נאָך אין שטאָדט — און זיי נישט געלאָזט שלאָפן.

*

עס איז געוואָרן אינדערפרי.

דער געדראַנג אַרום דאָס הויז פון דעם רב ווערט וואָס אַמאָל גרעסער און גרעסער. פון גאַנץ פריה אָן שטראָמט צו דער ריכטונג פון זיין שטוב אַ געוואַלדיגע מאַסע מענטשן, די לומדים און עלטערע אידן פון שטאָדט, די סוחרים און פשוט׳ע בעלי בתים. אין שפּיץ געהען די געטרייע תלמידים וועלכע זענען צוגעבונדן צו זייער רבין מיט אַלע פעדים פון זייער נשמה, און זיינען גרייט צו פֿאַרלאָזן די שטאָדט צוזאַמען מיט זייער רבי׳ן.

די זון האָט אויפגעשיינט אויף דער ערד און די שטוב איז געוואָרן בעלאַגערט מיט מענטשן. דער עולם איז זייער געריהרט, אַ לאַנגע צייט האָט געגומען דאָס ווינטשן זיך און אומעטיגער געזעגענען פון די שאָף מיט זייער פּאַסטוך, אַ פאַל וואָס האָט נאָך אפשר קיינמאָל נישט געטראָפן אין דער געשיכטע פון לאָמזשער רבנות.

דער עולם וועלכער האָט זיך דאָ צוזאַמענגעדריקט, האָט, ווי דער שטייגער איז, געוואונטשן דעם רב פיהל גליק צו זיין נייער רבנות, אָבער דאָס איז געווען אין דער בחינה פון "מברכין על הרעה". זייער שווער איז עס געפאַלן פֿאַר די לאָמזשער אידן זיך צו געזעגענען מיט זייער באַליבטן רב, פונקט ווי דער קערפּער געזעגנט זיך און שיידט זיך אָפּ פון דער נשמה, און פונקט ווי עס רייסט זיך אָפּ דאָס האַרץ פון דעם מענטשן.



די גרויסע שוהל פון וואלקאוויסק



רעכטס: דער ציון פון רבי בנימין וואס איז פארבליבן נאכדעם וואס דער אוהל איז צושטערט געווארן
לינקס: דער ציון פון ר׳ שלמה זלמן חסיד, ערשטער לאמזשער רב



דער פלאץ וואו עס איז פארגעקומען די אויפנאהמע
פון גענעראל



די גרויסע גאס אין לאמזשע
א גרופע דייטשע מיליטער מארשירט אויפן גאס
ביים איינעהמען די שטאדט אין די ערשטע וועלט־קריג



די גרויסע שוהל אין לאמזשע



דער ארון הקודש פון די גרויסע שוהל אין לאמזשע.



דער גרויסער בית המדרש אין לאמזשע

דער ענטפער פון רב איז געווען זייער קורץ. די רייד — געוואויגן און געציילט. ער האָט זיי געדאַנקט אויף זייער גראַטולירן און זיי איבערגעלאָזן זיין ברכה. עס איז אָבער געווען צו דערקענען ווי די ברכה געהט אַרויס פון טיפן האַרצן, פוהל מיט האַרץ אויסגוס. יעדערער האָט עס אַנגענומען לויט זיין בעגריף און עס אויסגעטייטשט לויט זיין געשמאַק.

עס ענדיגט זיך דער געזעגענען און דער רב געהט אַרויס פון זיין שטוב, אין דער באַגלייטונג פון זיינע תלמידים, מאַיעסטעטיש אַנגעטהון. זיין גאַנצע געשטאַלט שטראַלט, די אויגן שיינען, עס איז אַ פאַרגעניגן אַנצוקוקן די ליכטיגע געשטאַלט פון רבי יהושע לייב'ן. אַט שטייגט ער אויף אין וואָגן וועלכער וואַרט שוין אין דרויסן. אַ רעגן פון ברכות און וואונשן פליסט פון אַלע זייטן. דער וואָגן שלאָגט זיך אדורך צווישן די מאַסע מענטשן וועלכע פאַרצוימען דעם וועג, פאָהרט אַראָפּ דעם באַרג און פאַרקירעוועט זיך צו דער ריכטונג פון מעזריטש. די לאָמזשער איינוואוינער קוקן נאָך דעם וואָגן וואָס פיהרט אַוועק זייער רבין ווייט ווייט, און זייערע אויגן זענען באַגאָסן מיט טרערן...

✶

אין לאָמזשע דערמאָנט קיינער נישט און וואָגט נישט אַרויסברענגען פון מויל וועגן דער רבנות־פּראָגע. ביי די לאָמזשער אידן אין די אויגן איז גאָר די רבנות שטוהל פון שטאָדט נישט ליידיג געוואָרן. זיי ווילן נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַזווירקליך האָט רבי יהושע לייב טאַקע פאַרלאָזט די שטאָדט. עס איז ביי זיי גאָר קיין ענדערונג נישט פאַרגעקומען, ווי עס וואָלט אין זייער שטאָדט נישט געשאַפן געוואָרן קיין ליידיגער אָרט. לויט ווי זיי טענה'ען, האָט זייער רב זיך נאָר אַוועק־געצויגן אַביסל ווייטער, אָבער ער איז נאָך אַלץ געבליבן ביי זיי דער רב ווי פריהער, און זיין הייליגע גייסט שוועבט נאָך אַלץ איבער די שטאָדט ווי די גאַנצע צייט. לאָמזשע פיהרט ווייטער איהר לעבנס־גאַנג ווי ביז איצט, זי שפּייזט זיך נאָך אַלץ פון איהר רב'ס תורה, און דערנעהרט זיך פון זיין לויטערער קוואַל וועמענס וואַסער עס קוועלן צו זיי און שטראָמען אָן אויפהער.

(אין לאָמזשע איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: רבי יהושע לייב האָט גישט פאַרלאָזן לאָמזשע, נאָר לאָמזשע האָט זיך אויסגעברייטערט און פאַרגרעסערט ביז זי האָט זיך פאַרשפּרייט און דערגרייכט קיין מעזריטש...).

— "אויף זיין שטוהל וועט קיין פרעמדער נישט זיצן" — האָבן באַשלאָסן די לאָמזשער שטאָדט־פאַרטרעטער נאָכדעם וואָס רבי יהושע לייב האָט פאַרלאָזן די שטאָדט. דער בענקל אויף וועלכן עס איז שטענדיג געזעסן רבי יהושע לייב, איז יעצט געשטאַנען ליידיג, אויסגעדרעהט צו דער מזרח וואַנט, ווי ער וואָלט געוואַרט אַז רבי יהושע לייב זאָל זיך אומקעהרן און צוריק זיך זעצן אויף איהם.

לאָמזשער אידן האָבן נאָך געהאָפט אַז ענדליך וועט רבי יהושע לייב צוריק־קומען צו זיי און זייער האָפנונג איז נישט געווען אומזיסט.

*

— דער משכן איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין מעזריטש.

אלס ביילאגע צום דעם רבנות שריפט, האָט די מעזריטשער קהלה דערלאַנגט פארן רב א פערפליכטונגס־שריפט מיט דעם פאלגענדן נוסח:

בעזה״י

עפ״י הכוח־הרשאה אשר ניתן בידינו הח״מ אנחנו המשולחים להביא את הרב הגאון נ״י לקהלתינו, מאת ראשי מנהלינו ק״ק מעזריטש יע״א, כתוב בכוח הרשאה בזה״ל, אשר אם ימצאו איזה דברים פרטיים לענין הרבנות הרשות בידינו לבצע הכל עפ״י שכלינו.

א. מצאנו חובה לכבוד אדמו״ר הגאון להוסיף עוד שני רו״כ נוסף ע״ס עשרה רו״כ שכירותו המבואר בכתב הרבנות ויהי׳ מעכשיו שכירותו סך שנים עשר רו״כ מזומנים מדי שבוע בשבוע.

ב. גם מחויבים אנחנו להחזיק ט״ו נערים אשר יבואו ללמוד בישיבת אדמו״ר שי׳ במזונותם.

ג. אין השעבוד על הרב הגאון נ״י מדבר קוע״ג כל היום זולת ארבעה שעות ביום, היינו שעה רביעית חמישית ששית שביעית אחר הצהרים בהם ידרוש לכל שואל מלבד שאלות או״ה כל היום.

ד. בד״ת אם יתעצמו איזה בע״ד בענין מסוים שיהי׳ הרב הגאון במעמד הטענות ג״כ על הה״ג למלאות משאלותם ואך בלבד בארבעה שעות הללו.

ה. מקבלים אנחנו את הגאון נ״י לדיין גם לטעות אפילו שגגת תע״ז.

ו. גם בשבתו לדין אינו מכונה בשם דיין כ״א מפיו ישאלו הבד״צ.

ז. כל סכסוך שבין יחיד לרבים או רבים לרבים אינו מוטל עליו לדון ביניהם.

ח. הדירה עם כל כלי תשמישים תהי׳ כמנהג הנגידים.

על כל אלה הננו מתחייבים א״ע עפ״י הכוח הרשאה אשר לנו מנבחרים ושטה״ע.
ולראי׳ בעה״ח ביום ג׳ י״ד אלול תרי״ט לפ״ק
פה ווארשא יע״א

(— דאס ארט פון די חתימות)

מעזריטש האָט זיך געריכט איבערצונעהמען דאָס אָרט וואָס לאָמזשע האָט פאַרנומען און ווערן דער הויפט פונקט און צענטער צו וועלכן אַלע זאָלן ווענדן זייערע אויגן. עס האָט איהר אָבער נישט געשפילט קיין גליק. אין גיכן האָט זיך אויסגעוויזן אַז מעזריטש איז נישט דער ריכטיגער אָרט און דער פאַסיגער פלאַץ וואָס זאָל קענען פאַרנעהמען דעם דאָזיגן גרויסן ליכט, די שטאָדט איז צו ענג זי זאָל קענען אויסהאַלטן דעם פייערדיגן זייל וואָס געהט פאָראויס פאַר דעם אידישן

תורה־פאַלק. מעזריטש האָט נישט זוכה געווען צו אויפהאַלטן רבי יהושע לייב׳ן ווי איין איינציגן ווינטער און ער איז פון דאָרט אַוועק אָנפיהרן מיט דער רבנות אין קאָוונע.

אָבער אויך קאָוונע האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם גרויסן שפע פון ליכט וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון רבי יהושע לייב׳ן. ער האָט דאָרט נישט געהאַט קיין גייסטיגע באַפרידיגונג, די אַטמאָספערע איז נישט געווען לויט זיין גרויסקייט און הייליגקייט, עס האָט נישט לאַנג גענומען און רבי יהושע לייב האָט באַשלאָסן צו אָפּלאָזן אויך די רבנות פון דער דאָזיגער שטאָדט.

איינער פון די רעליגיעזע שרייבער האָט אַרויסגעגעבן מיט קורצע ווערטער די צייט וואָס רבי יהושע לייב האָט פאַרברענגט אין קאָוונע, ווי פאָלגענד:

„ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין דער שטאָדט קאָוונע, אָבער קיין סאַך צייט איז ער דאָרט נישט געווען, ווייל די איינוואוינער פון שטאָדט זענען געווען אריינגעטהון אין געשעפט און פיהל פון זיי זענען שוין געווען אָנגעשמעקט מיט השכלה וועלכע האָט מיט איהר שטאַרקן כישוף אריינגעברענגט אין קלעם די ליטווישע אידן. זיי האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן די שטאַרקע קדושה און דאָס גרויסע קנאות פון רבי יהושע לייב׳ן און זיי האָבן איהם דערגאַנגען די יאָהרן״.

## אין קאַמף מיט די תקיפים

ווירקליך איז אָבער געווען נאָך אַ פאַקט וועלכער האָט צוגעברענגט דאָס רבי יהושע לייב זאָל פאַרלאָזן קאָוונע.

די מעשה איז אַזוי געווען:

אין יענע צייט איז געווען אַיינגעפיהרט אין קאָוונע, אַז די קהלה פלעגט פאַרקויפן איינמאָל אין דריי יאָהר די פאַכט פון דער פלייש־שטייערונג פאַר דעם וואָס האָט געגעבן דעם העכסטן פרייז. דער וואָס האָט אָפּגעקויפט דאָס רעכט אַיינצומאָהנען די שטייערן, האָט צו איהם געהערט אין דער צייט פון די דריי יאָהר די אַלע אַיינקונפטן וואָס זענען אַריינגעפאַלן פון די שחיטה. דאַגעגן פלעגט ער דאַרפן באַזאָרגן די אַלע רעליגיעזע־געברויכן וואָס האָט זיך געפאָדערט פאַר דער קהלה, און אויסהאַלטן דעם גאַנצן בודזשעט פון דער געמיינדע, און דאָס רעשט וואָס פלעגט איבערבלייבן נאָך די אַלע אויסגאַבן איז געבליבן פאַר איהם.

לויטן געזעץ האָבן די רעגירונגס פאַרשטעהער געדאַרפט געבן אַ עפנטליכן פאַרעם פאַר די דאָזיגע ליציטאַציע, און אַ געוויסע צייט איידער עס קומט פאַר די ליציטאַציע, בעקאַנט מאַכן פאַר די שטאָדט איינוואוינער דעם דאַטום און טאָג ווען עס וועט פאָרקומען און זיי איינלאַדנען צו קומען, כדי יעדערער וואָס האָט א אינטערעס צו קויפן דאָס רעכט, זאָל האָבן די געהעריגע מעגליכקייט זיך צוגרייטן און קענען נעמען אָנטייל אין דער ליציטאַציע. און ווירקליך פלעגן די רעגירונגס פאַרשטעהער זיך טאַקע אַזוי פיהרן, און עטליכע טעג פאַר דער ליציטאַציע האָט

מען דערפון בעקאַנט געמאַכט אין שטאָדט און ווער עס האָט זיך געוואָלט באַטיי־ליגן, איז געקומען צו דער ליציטאַציע.

במשך די צייט איז אָבער פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין דעם דאָזיגן שיינעם שטייגער. אין קאָוונע האָט זיך דאָן געפונען אַ רייכע פאַמיליע, אָבער צו דערצו זענען זיי אויך געווען גרויסע תקיפים. צוליב זייער גרויסער רייכטהום וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט איז זיי געלונגען זיך צו באַהערשן איבער דעם שטייער־רעכט אַלס חזקה און איבערנעהמען אין זייערע הענד דעם מאָנאָפּאָל איבער דעם דאָזיגן רעכט. די מיטגלידער פון די דאָזיגע רייכע פאַמיליע זענען געווען אָפטע איינגעהער אין די הויפן פון די הויכע פירשטן און געהאַט שטאַרקע פאַרבינדונגען מיט די רעגירונגס בעאַמטע, אַזוי אַרום איז זיי געלונגען אונטערצוקויפן דעם גובערנאַטאָר מיטן איספּראַווניק, וועלכע זענען געווען באַפולמעכטיגט דורך דער רעגירונג אויס־צופיהרן די באַשטימטע ליציטאַציעס, אַז זיי זאָלן זאָרגן דאָס די רעכט און מאָנאָפּאָל איבער דעם שטייער איינמאָנען זאָל נישט אַרויסגעהן פון זייערע הענד.

עס האָט אַזוי ווייט דערגרייכט, אַז כמעט אַלע קאָוונער איינוואוינער פלעגן זיך צוריקהאַלטן פון צו ערשיינען ווען עס איז פאָרגעקומען די ליציטאַציע, און די פאַרמעגליכע אידן האָבן דאָרטן נישט אַריינגעטראָטן. די ליציטאַציע האָט פאַרלוירן איהר ווערד און בעדייטונג און עס האָט באַקומען אַ פאָרעם פון אַ פאַרמאַלע זאַך, פון יוצא וועגן, צו פאַרבלענדן די אויגן, עס זאָל הייסן אַז עס איז פאָרגעקומען א ליציטאַציע, נישט מעהר. קיינער האָט זיך נישט געוואָלט פאַר־מעסטן מיט די דאָזיגע רייכע תקיפים און פרובן צו בעפרייען פון זייערע הענד דאָס רעכט איבער די פלייש־אָפּצאָהל, און אפילו די וויניגע וועלכע האָבן זיך באַמיהט און יאָ ערשיינט ווען די ליציטאַציע איז פאָרגעקומען, האָבן נישט געוואָגט צו איבער שטייגן אויף די סומע וואָס יענע פאַמיליע האָט אָנגעגעבן.

אַזוי ארום האָבן דערפון זייער געליטן די גמילות־חסד ענינים. די סומע געלד וואָס די דאָזיגע תקיפישע פאַמיליע האָט באַשטימט פאַר דער געברויך פון די קהלה איז געווען זייער אַ קליינע, און עס האָט נישט באַפרידיגט די געפאָדערטע אויסגאָבן. עס האָט נישט געדעקט אַפילו די נויטיגסטע באַדערפנישן און די געמיינדע איז דערפון זייער געטראָפן געוואָרן.

די פרנסים פון שטאָדט זענען אריין צום רב און זיך פאַרקלאָגט אויף דער גרויסער ענגשאַפט פון די שטאָדטישע אָנגעלעגנהייטן, אַלס רעזולטאַט פון דער באַהערשונג פון איין איינציגע פאַמיליע איבער די פלייש שטייערן פון וועלכן עס ליידט די גאַנצע שטאָדט אין אַלע הינזיכטן. עס איז נישט פאַרצושטעלן די שאָדנס און אָרעמקייט וואָס הערשט אין אַלע געזעלשאַפטליכע ענינים פון שטאָדט.

ווען דער רב האָט עס געהערט, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין זיץ און ענטשלאָסן אויסגערופן: — "מעהר וועט אַזוינס אין שטאָדט נישט פאַרקומען"!

דער רב האָט זיך אויך דערוואוסט אז ערשט מיט עטליכע מאָנאַטן צוריק איז

פאַרגעקומען די ליציטאַציע, און ביז צו דעם נייער ליציטאַציע, וועט נאָך געדויערן באַלד דריי יאָהר, און דערווייל וועלן די שטאָדטישע אָנגעלעגנהייטן ליידן פון נויט. האָט ער אַיינגעלאַדנט צו זיך אין שטוב דעם הויפּט פון די פאַמיליע און פּרובירט צו ווירקן אויף איהם מיט גוטע רייד, ער זאָל צוגעבן עטליכע טויזנט רובל אויף די סומע וואָס ער האָט באַשטימט, פאַר די שטאָדטישע געברויכן. אָבער נישט נאָר וואָס יענער האָט נישט געוואָלט צוהערן וואָס דער רב רעדט צו איהם, נאָר ער האָט זיך אויף אָנגערופן מיט גרויס חוצפה:

— וואָס?! "האחד בא לגור וישפוט שפוט"?! — עס קומט דאָ אַ פרעמדער און נעמט זיך שוין מישן! אויסער דעם, זאָל דער רב נאָך אַמאָל איבערקוקן זיין כתב רבנות און ער וועט זעהן אז איך האָב דערויף גאַרנישט געחתמ׳ט...

דער רב האָט אַיינגעזעהן אַז ער האָט דאָ צו טהון מיט אַ עזות פנים און אַ געמיינעם יונג און ער האָט מיט איהם מעהר קיין וואָרט נישט גערעדט. אָבער אין האַרצן האָט ער באַשלאָסן אַז ווען עס וועט קומען די צייט וועט ער איהם לערנען דרך ארץ, און ארויסראַטעווען די שטאָדט געברויכן פון די הענד פון די דאָזיגע פאַמיליע.

*

די דריי יאָהר זענען אַריבער און אָט דערנעהנטערט זיך די צייט וואָס די ליציטאַציע דאַרף פאַרקומען. דער רב האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט די שטאָדטישע גבירים און געווירקט אויף זיי, זאָלן זיין גרייט צו דינגען דעם פאַכט איבער דעם פלייש-שטייער פאַר יעדן פרייז, און אויסגערופן האָט מען אין אַלע שוהלן, אַז ווער עס האָט נאָר ביכולת, איז מחוייב זיך צו געפינען בשעת די ליציטאַציע וועט פאַרקומען.

אין דעם טאָג וואָס די ליציטאַציע איז פאַרגעקומען, איז דער גרויסער זאַל געוואָרן אָנגעפיהלט מיט מענטשן, אויסער ווי געוויינליך. צווישן די אָנוועזנדע האָט זיך אויך אָנגעזעהן דער רב. אין די באַשטימטע צייט זענען אַרויף אויף דעם בעלעמער די רעגירונגס-לייט וועלכע האָבן געדאַרפט אָנפיהרן מיט דער ליציטאַציע און אַכטונג געבן אַז אַלעס זאָל זיך פיהרן געזעצליך.

דער אויסרופער האָט אָנגעהויבן מיט אַ קליינע סומע פון הונדערט רובל, ווי דער שטייגער איז, און פון צווישן דעם קהל האָט מען צוביסלאַכווייז אַרויפגע־שטיגן ביז אַכט טויזנט רובל — דער פרייז וואָס מען האָט געצאָלט מיט דריי יאָהר צוריק פאַר דער רעכט אויף דעם פלייש-שטייער. דאָן האָט זיך אויפגע־הויבן איינער פון די פאַמיליע וואָס האָבן אָנגעהאַלטן מיט דער חזקה און אויסגערופן מיט שטאָלץ, אז רעכענענדיג זיך מיט די אָרימעלייט וועלכע האָבן זיך זייער געמעהרט אין שטאָדט, לייגן זיי צו נאָך טויזנט רובל אויף דעם פריהערדיגן פרייז, ד.ה. ניין טויזנט רובל.

דער גאַנצער עולם וואָס איז געווען אַנוועזנד איז געווען צוטומלט און נישט געוואוסט וואָס צו טהון: זאָלן זיי שטייגן און אַזוי אַרום זיך פאַרטשעפּען מיט די דאָזיגע פאַמיליע, ווער ווייס עס וואָגן צו טהון? נישט שטייגן — ווי פאַרענטפערט מען זיך פאַרן גרויסן רבין?! ביז דערווייל נעמט שוין דער אויסרופער שליסן דעם געשעפט מיט די דאָזיגע פאַמיליע, און זיי ווידער איבערגעבן דאָס רעכט אויף איינצומאָהנען די שטייערן, ווי ביז יעצט.

מיט אַמאָל הויבט זיך אויף דער קאָוונער רב און רופט אויס אז ער גיט פופצן טויזנט רובל פאַר דער רעכט איבער דעם פלייש־אָפּצאָהל.

הערנדיג דעם רב׳ס ווערטער איז אין זאַל אַדורכגעגאַנגען אַ שטילער שטורם. די אַלטע בעלי ״חזקה״ האָבן זיך געשושקעט און געוואונקען איינער צום אַנדערן, אַפּלאַכנדיג פון דעם רב׳ס פאַרשלאָג, וויסנדיג אַז דער רב איז נישט קיין פאַרמעגליכער און ער האָט קוים אויף צו לעבן. אויך די רעגירונגס לייט זענען געוואָרן צוטומלט און נישט געוואוסט ווי זיך אויסצודרעהען פון דעם פלוצלונדיגן פלאַנטער. פון איין זייט האָבן זיי באַקומען אַ מתנת יד פון די בעלי חזקה צו ערלעדיגן מיט זיי דעם געשעפט, אָבער דער געזעץ פאַרפליכטעט זיי צו פאַרקויפן פאַר דעם וואָס גיט אַ העכערן פּרייז.

בשעת אין זאַל האָט זיך גערודערט און געטומלט, האָט דער רב דורך געשניטן אַ וועג צווישן עולם און ארויף גלייך אויף דער בימה, דערלאַנגענדיג דעם באַאַמטן טויזנט מיט פינף הונדערט רובל מזומנ׳ע געלד, וועלכע האָט באַטראָפן צעהן פּראָצענט פון די פאַרגעלעגטע סומע, ווי דער געזעץ פאָדערט.

ווען דער מוחזק האָט געזעהן אַז דער רב איז אַ ערנסטער קאָנקורענט, האָט ער געהעכערט דעם פּרייז אויף צוואַנציג טויזנט רובל, ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט אז עס זאָל איהם ווער עס איז אויסדינגען. אָבער וויבאַלד דער רב האָט געבראָכן די שרעק, האָט דער עולם גענומען שטייגן צווישן זיך, ביז איינער פון די שטאָדט גבירים האָט אָפּגעקויפט דעם זכות פון די פלייש־אָפּצאָהל פאר פערציג טויזנט רובל.

עס האָט גענומען א ענדע צו די אומגערעכטע חזקה וואס די דאָזיגע פאַמיליע האָט באַהערשט זייט פיהל יאָהרן.

*

דאָס אויסדינגען די פאַכט איבער דעם פלייש־אָפּצאָהל פון די שטענדיגע מוחזקים האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין שטאָדט. פון איין זייט האָבן די מוסדות און כלל אַנשטאַלטן זיך געפריידט וואָס זיי וועלן באַקומען יעצט פינף מאָל אַזוי פיהל, אָבער אין האַרצן ציטערט מען און מען שרעקט זיך פאַר דאָס קומענדיגע. די פאַמיליע ביי וועלכע מען האָט אויסגעדונגען און צוגענומען איהר חזקה, זענען געווען שרעקליך אויפגערעגט פון דעם קלאַפּ וואָס זיי האָבן געכאַפּט און זיי האָבן באַשלאָסן צו נעמען נקמה אין רב.

עטליכע יאָהר פריהער איז פאָרגעקומען דער פוילישער אויפשטאַנד וועלכער איז דערדריקט געוואָרן מיט אַ פעסטע האַנד, אָבער די געמיטער זענען נאָך נישט געווען איינגעשטילט. דאָ און דאָרט האָבן נאָך געבושעוועט גרויסע גרופן פון די אויפשטעהער. וואָס האָט די געטראָפענע פאַמיליע געטהון? זיי האָבן דערלאַנגט אַ שריפט וואו מען דאַרף אין וועלכן זיי פאַרמסרן דעם רב אַלס אַנהענגער און אונטערהעלפער צו די אויפשטעהער, צו וועלכן ער פיהרט אַריבער און שטיצט מיט גרויסע סומעס געלד.

די מסירה איז אָנגעקומען צום גובערנאַטאָר דאָנערשטאָג, און שוין אויף צו מאָרגנס איז דער רב איינגעלאַדנט געוואָרן אין קאַבינעט פון גובערנאַטאָר, וואו דער הויפט סעקרעטאָר האָט איהם אויפגענומען און איבערגעגעבן אין קורצן אין וואָס מען באַשולדיגט איהם. ער האָט איהם געגעבן צו וויסן אַז לויטן געזעץ דאַרף ער איהם אַרעסטירן און פיהרן געבונדן מיט קייטן קיין ווילנא, ביז מען וועט קלאָר־מאַכן צו די אָנקלאַגע האָט אַ גרונד אָדער נישט. אָבער וויבאַלד דער גובערנאַטאָר איז היינט נישטאָ אין שטוב און עס איז ערב שבת, נעמט ער עס אויף זיינע אחריות, אויב דער רב וועט איהם צוזאָגן נישט אַנטלויפן פון שטאָדט און זיך שטעלן אין מיניסטעריום זונטאָג, צעהן אַ זייגער אינדערפרי.

דער רב איז בלאַס געוואָרן הערנדיג אין וואָס מען באַשולדיגט איהם. ער האָט זיך אָבער באַלד געשטאַרקט און אַ רוהיגער געגאַנגען אַהיים. ביז אַ קורצע צייט האָט שוין די גאַנצע שטאָדט געוואוסט אין וואָס מען באַשולדיגט זייער רב און עס איז געוואָרן א שרעקליכער טומל אין שטאָדט. די הויפט פיהרער פון די קהלה האָבן זיך באַלד צונויפגעזאַמלט ביים רב אין שטוב, זוכן אַ וועג ווי אַזוי אָפּרופן די שרעקליכע גזירה.

*

אין דעם דאָזיגן פרייטאָג אין דער פרי איז פונקט אָנגעקומען אין קאָוונע דער גאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייציג זצ״ל, שפּעטערדיגער בריסקער רב. קומענדיג פון וואָלוזי׳ן און זייענדיג פאַרמאַטערט פון די לאַנגע וועג וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט, האָט ער באַלד אינדערפרי געדאַוונט און געגאַנגען זיך אָפּרוהען ביי זיין פאָטער, רבי יצחק זאב, וועלכער האָט געוואוינט אין קאָוונע און געווען איינער פון די שטאָדטישע פרנסים. דאָרטן האָט ער ביי דעם פרישטיק געהערט פון זיין פאָטער וואָס עס איז פאָרגעקומען די וואָך אין שטאָדט, און ווי אַזוי ר׳ יהושע לייב האָט מיט זיין תקיפות געזיגט איבער די תקיפישע פאַמיליע און אַרויסגענומען פון זייערע הענד די חזקה איבער דער פלייש־אָפּצאָהל.

מיט אַמאָל עפנט זיך די טהיר און דער בית־דין שמש קומט אריין אין געלויף, שווער סאָפּענדיג, און גיט איבער ר׳ יצחק זאב׳ן אַז ער מוז שוין קומען צו אַ דרינגליכע אסיפה וועלכע קומט יעצט פאָר ביים רב אין שטוב. ווען מען האָט ענדליך אַרויסבאַקומען פון שמש וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און וואָס איז עס

אַזוי נויטיג צו מאַכן אַ אַסיפה פונקט פרייטאָג, זענען אַלע דערציטערט געוואָרן. אויך ר׳ יאָשע בער, כאָטש ער איז נאָך געווען פאַרמאַטערט פון וועג און נישט געווען אײַנגעלאַדנט צו דער אַסיפה, האָט זיך גיך אָנגעטאָן און זיך געאײַלט מיטן פאָטער צום רב אין שטוב.



רבי יוסף דוב סאלאווייציג

ווען דער גאון ר׳ יהושע לייב האָט געזעהן דעם גאון ר׳ יאָשע בער אַריינקומען אין שטוב, איז ער שטאַרק פריילאַך געוואָרן און איהם אויפגענומען מיט גרויס ליבשאַפט.

*

אויף דער אַסיפה האָט זיך אויך באַטייליגט דער קאַזיאַנער רב (רב מטעם) מאַנישעוויץ און ער האָט איבערגעגעבן, אַז באַזוכנדיג ביים הויפט סעקרעטאַר אין קאַבינעט און דאַנקענדיג איהם פאַרן אָפּשטופּן דעם אַרעסט באַפּעל אויף זונטאָג, האָט ער זיך דערוואוסט אַז דער גובערנאַטאָר וועט קומען היינט שפּעט אין אָוונד אַהיים. עס איז ענטשטאַנען אַ הייסער ויכוח וועגן דעם שריט וואָס מען דאַרף אָננעמען. אַנדערע האָבן געהאַלטן אַז מען דאַרף דרינגליך שיקן מאָרגן אַ דעלעגאַציע פון דריי חשובע פאַרשטעהער פון שטאָדט צום גובערנאַטאָר, פּרובירן צו ווירקן אויף איהם, ער זאָל אָפּשרייען די גזירה, דאַגעגן האָבן אַ טייל געהאַלטן אַז וויבאַלד דער ענין ווערט אָוועקגעשיקט גלייך קיין ווילנא, וועט דער

היגער גובערנאַטאָר מער דעריין קיין ווירקונג נישט האָבן און מען דאַרף פאָהרן קיין ווילנא צום גענעראַל גובערנאַטאָר און ביי איהם פועל'ן, בעזונדער ווען יענער איז באַוואוסט אַז ער זאָגט זיך נישט אָפּ פון קיין געלד געשאַנק און אַ מתנת־יד.

ר' יאָשע בער איז געזעסן די גאַנצע צייט פאַרטראַכט און עפּעס אונטער געמורמלט, דאַן ווענדעט זיך צו איהם ר' יהושע לייב און רופט אויס:

— וואָס איז עפּעס מחדש דער וולוזשינער ראש ישיבה אין די דאָזיגע שווערע סוגיא?

— אין רשות פון רב און אין רשות פון מיין פאָטער — האָט ר' יאָשע בער געענטפערט — ערלויב איך אַרויסצוזאָגן מיין מיינונג, כאָטש איך בין נישט מעהר ווי אַ דורכפאָהרער, אַ גאַסט, — אַז גערעכט זענען די וואָס האַלטן אַז מען דאַרף פועל'ן ביים היגן גובערנאַטאָר, אָבער נישט מיט אַ דעלעגאַציע פון דריי מענטשן, נאָר די גאַנצע שטאָדט דאַרף זיך באַטייליגן אין דער דעלעגאַציע.

אַלע אָנוועזענדע האָבן אָנגעקוקט ר' יאָשע בער'ן פאַרוואונדערט און נישט געוואוסט וואָס זיינע רייד באַדייטן.

— איך ווייס אַז איהר פאַרשטעהט מיר נישט — האָט ר' יאָשע בער געזאָגט מיט אַ ערנסטן טאָן — די זאַך איז אויך נישט אַזוי לייכט אויסצופיהרן, אָבער אויב איהר נעמט זיך אונטער אַז אין דער צייט וואָס איך וועל זיך דאָ געפינען זאָלט איהר מיר אַלץ פאָלגן וואָס בעלאַנגט דעם אַרעסט, האָף איך, מיטן אויבערשטנס הילף, אַז די זאַך וועט ווערן ערלעדיגט.

אַלעמענס אויגן האָבן זיך געווענדעט צום רב, וועלכער האָט נאָך אַ קורצע פויזע אויסגערופן:

— מיר קענען זיך פאַרלאָזן אויף ר' יאָשע בער'ן, אַז דער אויבערשטער וועט באַגליקן זיין וועג.

ווי נאָר ר' יאָשע בער האָט באַקומען די ערלויבעניש פון רב, האָט ער באַלד געהייסן אָנזאָגן די גבאים פון אַלע בתי מדרשים און שוהלן פון שטאָדט, אַז מאָרגן, שבת אינדערפרי, וועט נישט זיין קיין ערשטער מנין, און אַלע מוזן קומען דאַוונען אין שוהל נאָר מיטן צווייטן מנין, זייגער האַלב אַכט.

און נאָך האָט ר' יאָשע בער געהייסן אָנזאָגן די גבאים און שמשים פון די שוהלן, אַז מאָרגן, שבת אינדערפרי, זאָלן די שוהלן ווערן צוגעשפּאַרט און יעדער שמש פון זיין שוהל, זאָל שטעהן ביי די טהיר און אָנווייזן די אַלע מענטשן וואָס וועלן קומען דאַוונען, זיי זאָלן געהן אין ריכטונג פון דער גרויסער שוהל און דאָרטן וואַרטן.

*

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט די שטאָדט קאָוונע געזעהן פאַר די אויגן אַ בילד וואָס איז נאָך קיינמאָל נישט פאָרגעקומען אין שטאָדט. אידן פון אַלע ברעגן פון שטאָדט, אַנדערע מיטן טלית איבער'ן קאָפּ, און טייל מיטן טלית אונטערן אָרעם,

יונג און אַלט, אַלע שטראָמען צו דער ריכטונג פון די גרויסע שוהל, און באַלד האָט זיך אין אַ קורצע צייט אָנגעזאַמלט אַ עולם פון טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן זיך אויסגעשטעלט אין די רייהען און זיך געלאָזט געהן צו דעם ריכטונג פון גובערנאַטאָר׳ס הויף, וועןן אין שפּיץ שפּאַנען: דער קאַזיאַנער רב, מאַנישעוויץ און פון זיינע ביידע זייטן געהען די פרנסים און ראשי הקהל.

ווען אַ פּאָליציי־מאַן האָט דערזעהן די ריזיגע פאַרזאַמלונג, איז ער באַלד געלאָפן מעלדן דעם פּאָליציי־שעף פון שטאָדט, אַז די אידן מאַכן אַ מרידה און געהען עפּעס אָפּטהון. ביז אַ פערטל שעה האָט דער פּאָליציי־שעף צונויף געקליבן עטליכע אָפּטיילונגען מיט באַוואָפנטע פּאָליציי און זיך געלאָזט אין דעם ריכטונג פון דער גרויסער אידישער מאַסן פאַרזאַמלונג.

ווען דער פּאָליציי שעף האָט געזעהן אַז אין שפּיץ פון דער פּראָצעסיע שפּרייזט דער קאַזיאַנער רב און נעבן איהם צוויי פון זיינע גוטע פריינד, ביי וועמען ער קומט אָפט אַריין אין די שבתים פאַרזוכן און נעמען אין מויל פון די אידישע גוטע מאכלים, האָט ער אַריינגעלעגט זיין שווערד אין שיידל, זיך פאַרנויגט פאַר זיי מיט גרויס רעספּעקט פרעגנדיג, וואָס דאָ קומט פאָר, און וואָס איז דער צוועק פון די דאָזיגע מאַסן פאַרזאַמלונג. ווען ער האָט געהערט אַז דער צוועק זייערער איז צום גובערנאַטאָר׳ס הויז און מען מיינט נישט קיין שום שלעכטס, האָט ער באַפוילן די פּאָליציי מען זאָל געהן אין ביידע זייטן פון עולם, אַכטונג געבן אויף זיי אַז קיינער זאָל זיך מיט זיי נישט טשעפּען און זיי באַגלייטן ביז צום גובערנאַטאָר׳ס הויף. ער אַליין, דער פּאָליציי שעף, איז באַלד אַוועק צום גובערנאַטאָר איהם מעלדן וועגן דער ריזיגער אידישער פּראָצעסיע וואָס געהט צו זיין ריכטונג.

ווען דער גאַנצער עולם האָט זיך דערנעהנטערט צום גובערנאַטאָר׳ס הויז, איז שוין דער הויפּט סעקרעטאַר געשטאַנען אויפן גאַניק און געבעטן מען זאָל איהם געבן אַ ערקלערונג וואָס מען פאָדערט פון דעם גובערנאַטאָר. דערויף איז דער קאַזיאַנער רב אַרויס פאָראויס און אויסגערופן:

— די גאַנצע שטאָדט אידן זענען זייער אויפגערעגט אויף דעם פאַלשן בלבול וואָס מען האָט אויסגעטראַכט אויף זייער באַליבטן רב, וועלכע אַלע וויסן און קענען איהם פאַר אַ הייליגן מאַן, וועלכער איז געטריי די רעגירונגס געזעצן און זיי בעטן דעריבער דעם גובערנאַטאָר, ער זאָל ריין וואשן דעם רב פון יעדן בלבול. דער עולם האָט באַשלאָסן דאָ צו וואַרטן ביז מען וועט הערן פון גובער־נאַטאָר אַז ער וואַרפט אָפּ די דאָזיגע פאַלשע עלילה און באַפרייט דעם רב פון יעדן שולד.

דער סעקרעטאַר האָט געבעטן צווואַרטן ביז וואַנען ער וועט פאַרלעגן דעם ענין פאַרן גובערנאַטאָר און באַקומען זיין אַנטוואָרט. דערווייל האָט דער גאַנצער עולם גענומען זאָגן וואַרים תהלים, ר׳ יאַשע בער האָט געזאָגט פּסוק בפסוק, און

דער גאַנצער עולם האָט איהם נאָכגעזאָגט. געזאָגט האָט מען דאָן די פופצן שיר המעלות, און ווען ר׳ יאָשע בער איז צוגעקומען צום פסוק "ה׳ הצילה נפשי משפת שקר מלשון רמי׳", האָט ער עס געזאָגט מיט אַ האַרץ רייסנדע שטימע און דער גאַנצער עולם האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערליכן געוויין. ווען ר׳ יאָשע בער האָט שוין געהאַלטן ביים פסוק "הגדיל ה׳ לעשות עמנו היינו שמחים", האָט זיך דער הויפט סעקרעטאַר ווידער באַוויזן אויפן גאַניק, מיט אַ שריפט אין האַנד און געוואונקען דעם עולם אַז ער וויל עפּעס זאָגן. אַלע זענען אויפן אָרט שטיל געוואָרן און דער הויפט סעקרעטאַר האָט אַרויסגעלייענט פון דער שריפט:

— דער הויכגעשעצטער האַר, דער גובערנאַטאָר ניקאָלאַי מאַראַוויאָוו, בעט אַנטשולדיגונג ביי זיינע געעהרטע קנעכט וואָס ער קען נישט אַרויסגעהן צו זיי, ווייל ער איז צוגעקיהלט. ער האָט מיר געבעטן זאָגן אין זיין נאָמען: אַז ער געדענקט נאָך גוט די מורא׳דיגע בילד וואָס האָט זיך איהם פאַרגעשטעלט מיט אַ האַלב יאָהר צוריק, ווען די קאָוונער אידן האָבן מתפלל געווען אין דעם קרוין טאָג פון קייסער אַלעקסאַנדער דער צווייטער, און דער דוכאָוונער ראַבין (דער שטאָדט רב) האָט געעפנט דעם ארון קודש און געקושט די ספרי תורות, און זיין געשטאַלט איז געווען ווי אַ מלאך פון ג־ט. דער גובערנאַטאָר גלויבט נישט און קען עס אַפילו נישט נעמען אויפן זינען אַז אַזאַ הייליגער מאַן זאָל זיך באַטייליגן מיט די אויפשטעהער, דעריבער קוקט ער אויף די מסירה ווי אַלס אַ פאַלשער און נידערט־רעכטיגער בלבול פון שלעכטע לייט און וואַרפט עס אָפּ. דער רב איז אַלזאָ גענצליך אומשולדיג און פריי.

די רייד פון הויפט סעקרעטאַר זענען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פרייד און דער גאַנצער עולם האָט זיך געאַיילט אין די שוהלן דאַוונען און דאַנקען ג־ט פאַר דער ישועה וואָס איז אומערוואַרטעט, אַזוי גיך געקומען.

*

אין עטליכע טעג אַרום האָט דער הויפט סעקרעטאַר ערשיינט ביים רב אין שטוב און איהם אַנטפּלעקט, אַז די פאַמיליע וועלכע מען האָט ביי זיי אויסגעדונגען די פאַכט רוהען נישט און זוכן פאַרשידענע וועגן ווי אַזוי צו נעמען נקמה אין רב, וואו אויך דער גובערנאַטאָר אַליין וועט נישט קענען העלפן דערביי, ווייל עס וועט זיך ווענדן אין די העכערע ספערן, און דעריבער ראָט ער דעם רב ער זאָל אויף אַ קורצע צייט אַוועקפאָהרן פון שטאָדט ביז די געמיטער וועלן ווערן איינ־געשטילט.

נאָך אַ קורצע בעראַטונג מיט ר׳ יאָשע בער׳ן האָט מען אַ דורכגעטראַכט גרונטליך דעם ענין און מען האָט באַשלאָסן, אַז כאָטש ר׳ יהושע לייב איז נישט דער מענטש וואָס שרעקט זיך איבער פאַר אַזעלכע פאַרשוינען און מען וואָלט זיי געדאַרפט בעווייזן אַז מען האָט פאַר זיי גאָר קיין מורא נישט, אָבער וויבאַלד דאָ האַנדלט זיך אין אַ געפאַהר און עס שמעקט מיט סכנות נפשות, וואָרום די

דאָזיגע "אינשי תקיפי" שרעקן זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּ און זענען פעהיג צו טאָן אַלצדינג כדי צו נעמען נקמה אין דעם רב, אויך דאַן ווען זיי וועלן ריזיקירן מיט זיין לעבן, דעריבער איז געבליבן אַז דער גאון ר׳ יהושע לייב פאַרט אָפּ פון קאָוונע און ענטזאַגט זיך פון זיין רבנות שטעלע און אַנשטאָט איהם האָט מען דאַן אויפגענומען דעם דאַמאָלסדיגן נאַבהאַרודאָקער רב, דער גאון ר׳ יצחק אלחנן ספעקטאָר, וועלכער איז געווען ר׳ יהושע לייב׳ס אַ יוגנד חבר.

## א תקון פאר דער נשמה

ווען מיר האַלטן יעצט ביי דער צייט וואָס רבי יהושע לייב איז געווען רב אין קאָוונע, איז דאָ דער ריכטיגער אָרט אַראָפּצובּרענגען אַ בעוואוסטע פאַסירונג וואָס האָט געטראָפן אין קאָוונע אין יענע צייט, וועלכע עס דערצעהלט דער באַוואוסטער בריסקער שוחט, רבי יוסף, אין דער הקדמה פון זיין ספר "מנחת יוסף" אויף הלכות שחיטה. לאָמיר דאָ אַראָפּברענגען די וואונדערליכע ערצעהלונג לויט ווי דער שוחט האָט עס געהערט פון רבי יהושע לייב׳ס מויל:

"אין דעם זומער פון יאָהר תרנ"א, האָב איך געהאָט די זכי׳ אַרויף צו קומען אין ירושלים וועגן אַ ענין פון אַ שליחות מצוה, און איך האָב געהאָט די זכי׳ מקבל פנים זיין דעם גרויסן גאון רשכבה"ג הצדיק רבי יהושע לייב, און שמועסנדיג מיט איהם, האָב איך פון איהם געהערט וואָס עס האָט פאַסירט ביי איהם זעלבסט, ווען ער איז געווען רב אין קאָוונע.

עס איז געקומען צום רב איינער פון די קאָוונער איינוואוינער. דער דאָזיגער איד איז געווען אַ אָרעמאַן און ער האָט געצויגן זיין חיונה דערפון וואָס ער פלעגט האַנדלען אויפן מאַרק מיט ביסלאַך תבואה א.ד.ג. ער פלעגט דערפון פאַרדינען אַ צוויי דריי רובל דורך דער וואָך און געלעבט זייער בדוחק.

דער פאָטער פון יענעם אידן איז דאַן נפטר געוואָרן און נאָך איידער עס איז אַריבער דער ערשטער יאָהר פון דער פטירה, האָט זיך איהם גע׳חלומ׳ט, ווי זיין פאָטער איז געקומען צו איהם און אַזוי געזאָגט:

— וויסן זאָלסטו אַז איך בין מגולגל געוואָרן אין אַ שוואַרצן אָקס. דער דאָזיגער אָקס געפינט זיך ביי דעם גוי וועלכער וואוינט אין דעם און דעם דאָרף, וועלכער געפינט זיך ווייט פון דאָ אַרום אַכט מייל. דאָס וואוינונג פון יענעם גוי איז אין עק דאָרף. געה אַראָפּ צו יענעם גוי און בעט איהם ער זאָל דיר פאַרקויפן דעם שוואַרצן אָקס וואָס געפינט זיך ביי איהם. ער וועט וועלן דערפאַר אַכציג רובל. אָבער דו וועסט זיך קענען ביי איהם אַראָפּדינגען און ער וועט עס דיר לאָזן פאַר פערציג רובל. דו זאָלסט נעמען דעם דאָזיגן אָקס און איהם אַוועקפיהרן קיין קאָוונע אין שעכט־הויז, דער שוחט וועט איהם שחט׳ן און ער וועט זיין כשר, דאַן זאָל מען די פלייש צוטיילן פאַר אידן און זיי וועלן עסן פון דעם פלייש, אַזוי אַרום וועט זיין נשמה באַקומען איהר תיקון. (דער גאון רבי זרח בראָווערמאַן

זצ״ל, וועלכער האָט אויך געהערט פון דעם רב׳ס מויל די דאָזיגע ערצעהלונג, האָט צוגעלעגט, אַז יענער איד האָט דערצעהלט אַז זיין פאָטער האָט איהם אָנגעזאָגט אין חלום, דאָס דער תיקון זיינער וועט זיין, ווען דער רב פון שטאָדט וועט זיך געפינען בשעת מען וועט שחט׳ן דעם אָקס און ער וועט ענטפערן אמן אויף די ברכה, און אויך עסן פון דעם פלייש). דער דאָזיגער חלום האָט זיך ביי איהם איבערגעחזרט נאָכט ביי נאָכט, דריי מאָל נאָכאַנאַנד. ער האָט זיך אָבער דערפון נישט וויסנדיג געמאַכט און עס געהאַלטן פאַר פוסטע חלומות.

*

אין עטליכע טעג אַרום, ווען דער איד איז געשטאַנען פאַרן עמוד און געהאַלטן אין מיטן חזרת הש״ץ, איז ער אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד אַ פערחלשטער. ווען מען האָט איהם דערמינטערט, האָט ער דערצעהלט פון דעם חלום וואָס חלומט זיך איהם שוין עטליכע נעכט, און אויך יעצט, אין מיטן דאַוונען, איז זיין פאָטער ערשיינען פאַר איהם און איהם באַפוילן ער זאָל געהן קויפן דעם אָקס און איהם לאָזן שחט׳ן.

ווען די מענטשן וואָס האָבן זיך געפונען אין שוהל האָבן געהערט פון דעם דאָזיגן אויסטערלישן חלום, זענען זיי באַלד אַוועק צום רב, צוזאַמען מיטן אידן צו וועמען דער חלום האָט זיך באַוויזן. דער איד איז פריהער אַליין אַריינגע־גאַנגען צום רב און איהם דערצעהלט אַלעס וואָס ביי איהם איז פאַרגעקומען, און די שוהל מענטשן האָבן אויך דערנאָך עדות געזאָגט ווי אַזוי ער האָט געחלשט מיטן דער שמונה עשרה.

דער רב ווענדעט זיך צו די מענטשן וואָס האָבן איהם באַגלייט און פרעגט:

— און ווער וועט איהם געבן געלד ער זאָל האָבן מיט וואָס צו קויפן דעם אָקס? די אידן האָבן געענטפערט אַז זיי וועלן אויסלייגן די געפאָדערטע סומע פון זייער קעשענע. דער רב פרעגט זיי ווידער: דאָס פאָהרן ביז צום דאָרף אַהין און צוריק, וועט דאָך נעמען צייט, און עס קען דאָך זיין אַז מען וועט נישט אָדורכקומען מיטן גוי און מען וועט אפשר דאַרפן נאָכאַמאָל פאָהרן און ביז דערווייל ווער וועט שפייזן דעם אידן מיט זיין הויזגעזינד? די אידן וועלכע האָבן איהם מיט־באַגלייט צום רב האָבן צוגעזאָגט אַז זיי וועלן אויך וועגן דעם זאָרגן, עס זאָל איהם גאָרנישט פעהלן צום עסן ביז ער וועט צוריקקומען מיטן אָקס.

דאַן האָט דער רב צוגערופן דעם אידן און צו איהם אַזוי געזאָגט:

— יעצט, ווען דו האָסט שוין געלד און די מעגליכקייט צו קויפן דעם אָקס און דיין פאַמיליע איז שוין אויך באַזאָרגט, קענסטו פאָהרן רוהיג, — אָבער — האָט דער רב איהם געוואָרנט — וויסן זאָלסטו, אַז וויבאַלד דיין פאָטער האָט דיר אָנגעגעבן גענויע סימנים, דאָס אויסזעהן פון דעם אָקס, דעם נאָהמען פון דאָרף און פון דעם אייגנטימער, דער גוי און דעם פרייז וואָס עס וועט דאַרפן קאָסטן,

דעריבער אויב איינע פון די אַנגעגעבענע צייכנס וועלן פעהלן, טאָרסטו נישט מפקיר זיין קיין אידישע געלד און זאָלסט דאַן דעם אָקס נישט קויפן.

דער איד האָט גענומען דאָס געלד און איז באַלד אָפּגעפאָהרן צו יענעם דאָרף. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף יענעם גוי, אַריין צו איהם און געפרעגט צו ער וויל איהם פאַרקויפן דעם שוואַרצן אָקס וואָס ער פאַרמאָגט. דער גוי האָט מסכים געווען איהם צו פאַרקויפן און געפאָדערט פאַר איהם אַכציג רובל. דער איד האָט איהם פאַרגעלעגט פערציג רובל. נאָכן דינגען זיך האָט דער גוי ענדליך מסכים געווען און ער האָט איהם פאַרקויפט דעם אָקס. אַלע סימנים האָבן גענוי געשטימט.

דער גוי האָט איהם אָבער געראָהטן ער זאָל דינגען נאָך עטליכע מענטשן צו פיהרן דעם אָקס, וועלכער בריקעט און שטויסט יעדערן וואָס דערנעהנטערט זיך צו איהם. דער איד האָט זיך אָבער צו איהם נישט צוגעהערט. ער איז צוגעגאַנגען צום אָקס, אַנגעבונדן אַ שטריק אויף זיינע הערנער און דער אָקס איז באַלד געגאַנגען נאָך איהם, צו דער גרויסער פאַרוואונדערונג פון דעם גוי.

*

דאָס הויז וואו רבי יהושע לייב האָט געוואוינט, האָט זיך געפונען אין צענטער פון שטאָדט, נאָהנט צום מאַרק. פּלוצלונג האָט מען געהערט אין רב'ס הויז אַ שרעקליכער גערודער און אַ גרויסן טומל וואָס קומט פאָהר נעבן זיין הויז, וואָס איז דאָ געשעהן? — דער איד איז אָנגעקומען מיטן שוואַרצן אָקס און אַלע זענען אַרויס זעהן און זיך צוקוקן צו די אינטרעסאַנטע בילד.

מען האָט באַלד אַוועקגעפיהרט דעם אָקס צו דער שחט'הויז. ער איז געשחט'ן געוואָרן דורך אַ שוחט אַ ירא שמים און אַרויס כשר. די פלייש איז צוטיילט געוואָרן צווישן די תלמידי חכמים פון שטאָדט.

— און אויך מיר — האָט רבי יהושע לייב אויסגעפיהרט די ערצעהלונג — האָט מען אַריינגעשיקט אין שטוב פון יענע פלייש.

דאָס אַלעס האָב איך אַליין געהערט פון זיין הייליגן מויל".

## צוריק אין לאָמזשע

ווען רבי יהושע לייב האָט פאַרלאָזט די שטאָדט קאָוונע, האָט די שטאָדט לאָמזשע נאָכאַמאָהל אויסגעשפּרייט איהרע הענד מיט געבעט צום רב, ער זאָל ווידער אַמאָהל איהר אָנפאַרטרויען און אָנגעהמען איהר איינלאַדונג צו אויפשטייגן אויף איהר רבנות־שטוהל. לאָמזשער אידן האָבן זיך פונדאָסניי דערמאָנט אין יענע גוטע טעג, ווען עס האָט זיך ביי זיי אין שטאָדט געפונען דער גאון הדור און די שכינה האָט ממש גערוהט אין שטאָדט. עס האָט זיך פונדאָסניי ערוועקט ביי זיי אַ שטאַרקע בענקעניש און לעכצונג נאָך יענע גלאַנצעדיגע טעג ווען רבי

יהושע לייב איז געווען זייער געטרייער פאַסטוך און געפּאַשעט זיין שאָף מיט איבערגעבנקייט, און די ליכט פון זיין הייליגקייט האָט איבער זיי געשיינט. זיי האָבן זיך יעצט געווענדעט צו רבי יהושע לייב׳ן ער זאָל בענייען זיין זיץ ביי זיי אין שטאָדט און אין דער געלעגנהייט וואָס רבי יהושע לייב האָט ערשיינט אין לאָמזשע כדי זיך משתטח זיין אויף דעם הייליגן ציון פון זיין פאָטער און צו באַזוכן זיין מוטער, די צדקנית, זענען לאָמזשער אידן איהם געפאַלן צו די פיס און זיך געבעטן ביי איהם ער זאָל זיי מעהר נישט פאַרלאָזן. מען האָט שנעל צוגעגרייט אַ רבנות שריפט און עס דערלאַנגט רבי יהושע לייב׳ן.

דער נוסח ווי פאָלגענד:

ה׳ צבאות עמנו משגב לנו אלקי יעקב סלה.

בהתאסף יחד ראשי עם אלופי עדתינו בצירוף רוב ב״ב, בהסכם כל תושבי קריתנו ק״ק לאמזא, כולנו כאיש אחד הסכמנו למנות עלינו לרב אב״ד את כבוד הרב הגאון הגדול פאר דורנו שר התורה אבי החכמה והתבונה כבוד קדושת״ה מרנא ורבנא מו״ה יהושע יהודא ליב נ״י לשום כתר הרבנות בראשו, ולתת שבט מושלים בידו ובמקל נועם ירעה צאן מרעיתנו, במרעה דשן ושמן ירעינו כתום לבבו וכתבונות כפיו, לפניו יבוא כל ריב ומשפט, הוא ידין הוא יורה לנו דרך ה׳ וידרוש לנו ברבים בשבת הגדול ושובה כחוק לישראל משנות קדם.

ואנחנו ח״מ בדעת כל תושבי קריתנו מתחייבים א״ע להאציל ברכה לכבוד הרב הגאון עטרת ראשינו ונזר תפארתנו לתת לו מקופת הקהל סך ששה עשר רו״כ לשבוע, לבד הכנסות הרב הנהוגות בקהלות ישורון מקדם קדמתה.

ד׳ ממעון קדשו ירעיף טל ברכתו על ראש אדונינו עין עדתנו יאריך ימיו על ממלכתו.

פה לאמזא

יום ה׳ ב׳ אדר שני שנת תרכ״ד לפ״ק **ולא יסור שבט** מיהודה לפ״ק

(— דאס ארט פון די חתימות)

רבי יהושע לייב האָט דערהערט דאָס געבעט פון זיין אַלטע רבנות קהלה און זיי מיטגעפיהלט, ער האָט אָנגענומען דאָס רבנות שריפט וואָס איז איהם דערלאַנגט געוואָרן, און אויפן אָרט אָנגעזאָגט די גוטע בשורה אַז ער נעמט אָן פון דאַסניי דעם רבנות־אַמט.

אַ שטאַרקע פרייד האָט זיך אַרויסגעריסן פון די הערצער פון די לאָמזשער אידן הערנדיג די דאָזיגע פריילי׳כע בשורה. די גוטע נייעס האָט זיך באַלד צוטראָגן איבער די כוואַליעס פרייד פון די שטאָדטישע אידן וועלכע האָבן ממש אויפגע־לעבט מיטן צוריקקומען פון רבי יהושע לייב׳ן אַלס רב און גייסטיגער פיהרער.

לאָמזשע האָט צוריק באַקומען איהר פריהערדיגער, בכבודיגער אָרט.

זיין אַלטע מוטער, די באַוואוסטע צדיקת, די מוטער פון די גרויסע ריזן, וועלכע האָט געוואוינט אין לאָמזשע, האָט נאָך אָנגעיאָגט אין איהרע לעצטע טעג צו זעהן איהר גרויסן זוהן, ווי ער קערט זיך אום צוריק צום פּאַטערלאַנד, און אין יאָהר תרכ״ה, פאַר פסח, האָט זי אויסגעהויכט איהר הייליגע נשמה, ווען איהר גרויסער זוהן שטעהט נעבן איהר בעט.

לאָמזשער אידן האָבן אָפּגעריכט איבער איהר אַ גרויסן הספד, און אין י״ח סיון תרכ״ה איז פאָרגעקומען אַ הספד אין די גרויסע לאָמזשער שוהל וועלכע עס האָט געהאַלטן דער גאון רבי אלי׳, פּיזורער רב און שצוצינער מגיד, וואו עס האָבן אַנטייל גענומען אַלע לאָמזשער אידן אין דער אַנוועזנהייט פון דעם רב. דער הספד איז געדרוקט געוואָרן אין דעם ספר חבת ירושלים, וועלכן עס האָט פערפאַסט דער מספיד.

רבי יהושע לייב האָט געפונען אין לאָמזשע וואָס זיין הארץ האָט געגלוסט, ער האָט געהאַט אַ באַזונדער סימפּאַטיע צו די שטאָדט מיט איהרע איינוואוינער, ווייל דאָ זענען די מויערן פון דער רעליגיע געווען גוט באַפעסטיגט, און אַלע זענען געווען געהאָרכזאַם צו די באַפעלן פון דער תורה און געשטאַנען צו איהר דיסציפּלין.

**אין צווייטן טייל קומען אריין די אינטרעסאַנטע קאַפּיטלען פון לעבן און שאַפן פון בריסקער רב ווי פאָלגענד:**

**א. שקלאָווער רבנות**
**ב. דער קאַמף מיט די תקיפים פון שקלאָוו**
**ג. דאָס ארויפשטייגן אויף בריסקער רבנות**
**ד. דער בריסקער רב ווערט ארעסטירט**
**ה. ירושלים מיט הונדערט יאָהר צוריק**
**ו. דער בריסקער רב קומט אָן אין ירושלים**
**ז. די גרויסע אויפטוהונגען פון בריסקער רב אין ירושלים**

